# הוסיאַטין

## פּאָדאָליער גובערניע



אידישער ישוב, געגרינדעט
אין 16־טן יאָרהונדערט,
אומגעבראַכט אין 1942

# לזכרון נצח

# יזכור בוך

## געווידמעט דעם הייליקן אָנדענק
## פון די געפאַלענע
## על קידוש השם ועל קידוש העם
## פוןביידע הוסיאַטינס
## (אוקראַינע און גאַליציע)
## און פון די אַרומיקע שטעטלעך.

אַרויסגעגעבן דורך אַ גרופּע
הוסיאַטינער לאַנדסלייט אין אַמעריקע.

אונטער דער רעדאַקציע פון
**בקי בן צבי דיימאָנד**

מיטגלידער פון בוך קאָמיטעט:

משה אַוועַרבוך — פריידע געינאָר — אייזיק פוקס
דאָראַ בראַנדט — גיטל גרינבערג — אסתר פוקס
יאַנקל גאַלאַנטער — עטי דיימאָנד — נח רעזניק
פּאָלאַ שוואַרצבערג

ניו יאָרק, נ. י. 1968

**אונזער שטעטל הוסיאַטין — מיט דעם וועג צו דער בריק**



געמאָלן פון עטי דיימאָנד

אַ האַרציקער דאַנק די שרייבער און איבערזעצער

אָשר פּען,

סידני (חיים) ראָזענפעלד און

שלמה גילבערט

פאַר זייער מיטהילף ביים צונויפשטעלן און רעדאַגירן
דאָס בוך.

אַ באַזונדער דאַנק די ביבליאָטעקאַרן
פון אידישן וויסנשאַפטליכן אינסטיטוט (ייווא)
און פון די פאַרשידענע אָפּטיילונגען פון דער שטאָטישער
ביבליאָטעק אויף דער 5טער עוועניו, אין ניו־יאָרק,
פאַר דעָר הילף ביים געפינען די פאַרשידענע פאָרש־
מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון אידישן לעבן
אין אוקראַינע.

**בקי (בענדזשאַמין) דיימאָנד, רעדאַקטאָר**

## איניציאַטיוו־גרופּע פון הוסיאַטינער לאַנדסלייט אין אַמעריקע, וואָס האָבן געהאָלפן אַרויסגעבן דאָס יזכור־בוך פאַר אונזער שטעטל



פֿון רעכטס צו לינקס, שטייענדיק: **משה אַוועבוך, יצחק ראָזענבערג, אייזיק פוקס, בקי (בענדזשאַמין) דיימאָנד און באָריס גרינבערג.**
זיצנדיק, פון רעכטס צו לינקס: **פּערל אַוועבוך, דאָראַ בראַנדט, עטי דיימאָנד און גיטל גרינבערג.**

# הקדמה

ווי אַ חלום שוועבט פאַר אונדזערע אויגן דאָס אידישע לעבן אין די אומגעקומענע שטעט און שטעטלעך אין אוקראַינע, פּוילן, ליטע, רומעניע און אין אַנדערע קלענערע און גרעסערע ישובים, וואָס האָבן זיך אַנטוויקלט, עקזיסטירט און אונטערגעגאַנגען אין דער אַלטער היים אין מזרח אייראָפּע אין משך פון כמעט טויזנט יאָר.

וואָס אייגנטלעך זיינען געווען די סיבות, וואָס האָבן דערפירט צו דער לאַנגער טרויעריקער קייט פון שחיטות, פּאָגראָמען, גירושים, וואָס האָבן פון צייט צו צייט פאַרניכטעט און פאַרטיליקט אונדזערע אַלטע איינגעזעסענע דורות?

מען דאַרף געדענקען, אַז אַפילו אין דער צייט, ווען די אַרומיקע וועלט האָט שוין גענאָסן פון דער אַזוי גערופענער ציוויליזאַציע און פּראָגרעס, האָבן די פאַרפאָלגונגען אויף אידן אָנגענומען נאָך אַ שרעק־לעכערן כאַראַקטער ווי אין מיטלאַלטער. מיר מיינען די פינצטערע עפּאָכע פון היטלעריזם אין דער צווייטער וועלט-מלחמה. עס ווייזט אויס, אַז אויף דער דאָזיקער אייביקער פראַגע איז ניטאָ קיין פּאַסיקער ענטפער.

אידישע היסטאָריקער האָבן פאַרצייכנט אין זייערע כראָנאָלאָ־גיעס די שרעקלעכע מאָמענטן פון רעליגיעזע אויסברוכן קעגן אידן, וואָס זיינען פאַראורזאַכט געוואָרן פון פאַרשידענע דעספּאָטן, טיראַ־נען, אינקוויזיטאָרן און פאַרשידענע אַנדערע אָטאָקראַטישע פירערס, וואָס האָבן געוואָלט אָפּציען די אויפמערקזאַמקייט פון זייערע אייגע־נע אונטערדריקטע פעלקער און אָנגעוויזן אויף די אידן ווי די שול־דיקע אין אַלע צרות פון דער וועלט.

ווי מיר זען פון דעם קאַמף פון אונדזערע ברידער אין ישראל, ווי־דערהאָלט זיך אין אַ געוויסן הינזיכט די זעלבע געשיכטע. רוסלאַנד צוזאַמען מיט די אַראַבישע פעלקער, וואָס פאַרמאָגן אַן ערך פון דריי

הונדערט מיליאָן מענטשן, האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער קליי־
נער מדינת ישראל און זיינען גרייט געווען צו דערשטיקן דאָס קליינע
העראָאישע לאַנד, וואָס פאַרמאָגט אַ באַפעלקערונג פון צוויי און האַלב
מיליאָן מענטשן. נאַטירלעך, מיר זיינען זיכער אַז זייערע הענט וועלן
זיין צו קורץ און אַז די אידישע מדינה איז ווידערגעבוירן געוואָרן צו
זיין אויף אייביק.

מיר גלייבן, אַז אונדזער יזכור־בוך ווי אויך די אַנדערע יזכור־
ביכער, וועלכע די אידישע פאָלקסטימלעכע אָרגאַניזאַציעס פאַר־
שפרייטן אויף דער אידישער גאַס, און אין די ביבליאָטעקן און אַרכיוון
פון דער וועלט, וועלן העלפן די היסטאָריקער פון די צוקונפטיקע דורות
באַלייכטן דעם לאַנגן מאַרטירער־וועג וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט
דורכגעמאַכט. מיר האָבן דורכגעבלעטערט די שריפטן פון דעם בוך,
וואָס די הוסיאַטינער־פּאַדאָליער גרייטן צום דרוק און פילן אַז די אַלע
מאָמענטן און זכרונות וואָס זיינען דאָ אַרויסגעבראַכט געוואָרן, זיינען
פון גרויס וויכטיקייט און אינטערעס.

מיר באַגריסן די אַלע, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דעם דאָזיקן
ווערק.

**רעדאַקציע־קאָלעגיום**

# זכרונות און היסטאָרישע אויספאָרשונגען

ערשטער טייל

הוסיאַטין אין אוקראַינע און הוסיאַטין אין גאַליציע. — דער הוסיאַטינער רבי. — אַ וויכ־טיקער גרעניץ פונקט. — דער קאַמף פון דער אידישער יוגנט. — די שבת׳דיקע רו. — ערב דער ערשטער וועלט מלחמה. — דער סוף פון דער ראָמאַנאָוו דינאַסטיע. — צוריק אַהיים פון אָדעס. — גירוש הוסיאַטין אין 1915. — די האָפנונגסלאָזיקייט פון דער אידישער באַ־פעלקערונג. — די בלוטיקע פּאָגראָמען. — די אידישע זעלבסטשוץ גרופן. —

# זכרונות און היסטאָרישע פאַרשונגען

פון בקי (בענדזשאַמין) דיימאָנד



אונדזער שטעטל איז ווייניק וואָס געווען באַקאַנט אין דער אידישער וועלט. עס איז געלעגן ביי דער אַמאָליקער רוסיש און עסטרייך־אונגאַרישער גרענעץ אין דער אוקראַינע, ווייט פון וועלכן עס איז גרויסן אידישן צענטער. די איינציקע וויכטיקייט פון אונדזער שטעטל, וואָס האָט געהייסן הוסיאַטין (אוקראַינע), איז באַשטאַנען אין דעם וואָס אויף דער צווייטער זייט גרענעץ איז אויך געווען אַ שטעטל מיט דעם זעלבן נאָמען: הוסיאַטין (גאַליציע), וואָס איז געווען באַוואוסט אין דער ברייטער אידישער וועלט צוליב דעם הוסיאַטינער רבין, הרב ר' ישראל פרידמאַן, זצ"ל, וועלכע האָט אָפּגעשטאַמט פון די ריזשינער צדיקים.

די דאָזיקע גוטע אידן פון דער פרידמאַן־גזע, האָבן אונטערן דרוק פון דער אַמאָליקער צאַרישער רוסלאַנד געמוזט פאַרלאָזן אוקראַינע און זיי האָבן זיך באַזעצט אין פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך פון גאַליציע, וואָס איז אין יענע צייטן געווען אונטער דער הערשאַפט פון דער עסטרייך־אונגאַרישער רעגירונג (די האַפּסבורג דינאַסטיע). דער דעמאָלטיקער הערשער איז געווען קעניג פראַנץ יאָזעף, אין דער הויפּטשטאָט ווין, און ער האָט זיך באַצויגן מיט מער אַכטונג צו דער אידישער באַפעלקערונג ווי די רוסישע צאַרן. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע ליבעראַלע געזעצן, וואָס האָבן מעגלעך געמאַכט די אַנטוויקלונג פון די רבישע הויפן אין הוסיאַטין, קופּיטשינעץ, סאַדיגורע, טשאָרטקאָוו און אַנדערע וועלכע האָבן צוגעצויגן גרויסע מחנות חסידים פון נאָענט און פון ווייט.

„אונדזער" הוסיאַטין, דאָס שטעטל אין וועלכן איך בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן, און וועגן וועלכן מיר וועלן איבערגעבן אַ סך איינצלהייטן פון פרידנסצייט און פון די מלחמה־יאָרן, דאָס שטעטל הוסיאַטין, פון פּאָדאָליע, פון אַמאָליקן רוסלאַנד און פון אוקראַינע, איז געווען אַ דורכפאָר־פּונקט, דורך

וועלכן אַ גרויסע צאָל אידן חסידים האָבן כסדר געשטראָמט צום רבין, אויף דער צווייטער זייט גרענעץ.

עס איז שווער פעסטצושטעלן, ווען, אייגנטלעך, אידן האָבן זיך באַזעצט אין הוסיאַטין. דאָס איז הויפּטזעכלעך דערפאַר, וואָס די גאַנצע געגנט איז אָפּט, אין די פאַרשידענע מלחמה־אויסברוכן, איבערגעגאַנגען פון רוסלאַנד צו פּוילן און פאַרקערט, און עס איז דערפאַר, מסתמא, שווער געווען אָנצו־האַלטן היסטאָרישע פאַרצייכענונגען און דאָקומענטן אין די לאָקאַלע אַרכיוון.

די צאָל אידישע איינוואוינער איז געווען אַ קליינע, לערך 300 פאַמיליעס. ס׳שטעטל ליגט אין אַ טאָל, אַרומגערינגלט מיט דריי גרויסע בערג, וועלכע זיינען געווען באַזעצט מיט דער קריסטלעכער אוקראַינישער — און אַ קליינע צאָל פּוילישער — באַפעלקערונג. אַ שמאָלער טייך, זברוטש, פליסט אין דער מיט און צעטיילטביידע הוסיאַטינס. אויף אַן אַלטן בית עולם, וואָס האָט זיך געפונען אויף „אונדזער״ זייט שטעטל, האָט מען, מיט גרויסע שוועריקייטן, געקענט באַמערקן די אויפשריפטן אויף די מצבות, און מ׳קען מיט זיכערקייט זיך פאַרשטעלן, אַז אידן האָבן דאָרט געוואוינט לערך 500 יאָר.

ווי עס זעט אויס פון די פאַרשידענע פאָרשונגען, האָבן זיך, אין די יאָרן פון 60־1650, געפונען אין הוסיאַטין 1,208 נפשות. מ׳מוז אָבער אָננעמען, אַז ס׳איז געווען אין דער צייט ווען פּוילן האָט געהערשט אין דעם טייל אוקראַינע און, ווי ס׳ווייזט אויס, זיינען ביידע הוסיאַטינס, ביים טייך זברוטש, דעמאָלט געווען איין שטאָט, אונטער דער מאַכט פון פּוילן. ערשט ביי דער צווייטער צעטיילונג פון פּוילן, נאָך כמיעלניצקיס צייטן, איז די שטאָט צע־טיילט געוואָרן, ווייל די געגנט פון פּאָדאָליע, ווי אויך וואָלינער און קיעווער גובערניעס, זיינען איבערגעגאַנגען צום צאַרישן רוסלאַנד און פאַראייניקט גע־וואָרן מיט די אַנדערע אוקראַינישע גובערניעס, אויף דער אַנדערער זייט דניעפּער, און האָבן צוזאַמענגעשטעלט איין אוקראַינע, אין דער פאָרעם ווי מיר געדענקען עס אין די יאָרן ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין 1914.

מיט דער צעטיילונג איז אויך די אידישע באַפעלקערונג געשפּאַלטן גע־וואָרן. דער גרעסטער טייל איז אַרונטערגעפאַלן אונטער רוסישער הערשאַפט; די אַנדערע זיינען פאַרבליבן אין די געגנטן פון פּוילן.

ס׳איז וויכטיק צו דערמאָנען אַ לעגענדע, וואָס איז געווען פאַרשפּרייט ביי אונדז אין שטעטל, אַז אויפן אַלטן בית עולם האָט זיך געפונען אַ גרויסער קבר, פאַרשאָטן מיט אַ באַרג ערד, מיטן אַן איבערבלייב פון אַ מצבה, וואָס מ׳האָט שוין ניט געקענט לייענען. ווי די לעגענדע דערציילט, איז דער דאָ־זיקער קבר אויסגעגראָבן געוואָרן פאַר אַ געשטאָרבענעם פון אונדזער שטעטל. אין יענער נאַכט איז דורכגעפאָרן אַ וואָגן מיט אידן, מחותנים, פון דער פּוילישער זייט, צו אַ חתונה ערגעץ־וואו אין אַן אַנדער געגנט. דורך אַן אומ־גליקספאַל, האָט זיך דער וואָגן איבערגעקערט און אַלע מחותנים, מיטן חתן, זיינען אומגעקומען און באַגראָבן געוואָרן אינעם גרויסן קבר.

הוסיאַטין איז געווען אַ וויכטיקער גרענעץ־פּונקט; האָט דעריבער דאָס

לעבן, אין יענער צייט, אויך אָנגענומען אַ וויכטיקן כאַראַקטער. אַ קלייגער טייל — מ׳קען זאָגן, געציילטע איינוואוינער — אידן און קריסטן, האָבן זיך באַשעפטיקט מיט אומגעזעצלעכן אימיגראַנטן־טראַנספּאָרט. אין די יאָרן 1903־1906, האָט אַ גרויסע צאָל, ספּעציעל אידישע יוגנט פאַרלאָזט רוסלאַנד, בכדי אויסצומיידן צו דינען אין די רוסישע אַרמייען, וואָרעם אין יענע יאָרן איז פאָרגעקומען די מלחמה צווישן רוסלאַנד און יאַפּאַן, אין ווייטן מזרח. רוסלאַנד האָט די שלאַכטן פאַרלאָרן. פיל סאָלדאַטן זיינען אומגעקומען אין ווייטן מזרח. ס׳איז וויכטיק צו פאַרצייכענען, אַז די רוסישע אידן האָבן ניט געהאַט פאַר וואָס צו קעמפן אין דער מלחמה, ווייל די צאַרישע מאַכט, די ראָמאַנאָווס זיינען געווען די גרעסטע שונאי ישראל.

לערך צוויי מיליאָן אידן זיינען געווען צונויפגעפּרעסט אין אוקראַינע — אין 15 גובערניעס, וואו מען האָט זיי דערלויבט צו וואוינען, און וואָס האָבן געטראָגן דעם נאָמען „תחום המושב״ (טשערטא אָסיעדלאָסטי, אין רוסיש). זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דאָס עקאָנאָמישע לעבן איז געווען זייער שווער, ווייל דאָס איינציקע, וואָס איז געבליבן פאַר די אידן אַלס אַן עקזיסטענץ־קוואַל, איז געווען קליין האַנדל; און אויך אַ טייל בעלי־מלאכות. דורך דער לאַנגער עפּאָכע פון צאַרישער הערשאַפט, זיינען אידן אויך אַרויסגעטריבן געוואָרן פון די דערפער, וואו זיי האָבן געהאַלטן קרעטשמעס און איינגעקויפט פאַרשידענע פּראָדוקטן ביי די לאָקאַלע פּויערים. דאָס גאַנצע האַנדל האָט ניט געקלעקט זיך מפרנס צו זיין. אַפילו אין די גובערניעס, וואו ס׳איז יאָ געווען דערלויבט צו וואוינען, האָבן זיי זיך געמוזט קאָנצענטרירן אין קלע־נערע שטעט און שטעטלעך. ס׳איז געווען פאַרבאָטן צו וואוינען למשל אין קיעוו, כאַרקאָוו, ראַסטאָוו און אַנדערע גרויסע שטעט — כאָטש די שטעט זיינען געווען אין תחום המושב. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז ניט קענענ־דיק פאַרלאָזן דאָס לאַנד אויף אַ לעגאַלן אופן, האָט מען געזוכט וועגן צו שוואַרצן די גרענעצן.

ס׳האָט אויך צוגעהאָלפן דערצו דאָס, וואָס נאָך דעם קעשענעווער פּאָגראָם, אין 1903, האָבן די אידן אין די ענגע שטעטלעך און שטעט זיך דערשראָקן; אידן פון אַ גאַנץ יאָר, וואָס האָבן געפירט אַ שווערן עקזיסטענץ־קאַמף, האָבן עמיגרירט קיין צפון־אַמעריקע. צו ערשט זיינען געפאָרן די מענער; ווען זיי האָבן זיך עטוואָס איינגעאָרדנט אינעם נייעם לאַנד, האָט מען אַריבערגעבראַכט די פרויען מיט די קינדער; נאָך דעם עלטערן, שוועסטער, ברידער און גלאַט קרובים. דאָס פאַרלאָזן רוסלאַנד איז געלעגן אין געדאַנק, און אויף די ליפּן, פון אַלעמען, ווי אַזוי און ווען מען קען אַנטלויפן. אַ געוויסער צוריקהאַלט איז געווען, מחמת די גרוסן פון אַמעריקע זיינען ניט געווען זייער אָנגענעם, ספּע־ציעל צוליב דעם, וואָס אַ גרויסע צאָל אידן האָבן געאַרבעט אום שבת און כשרות איז געווען אויף אַ נידעריקער מדרגה.

די דאַמאָלטדיקע רוסישע הערשער האָבן געזוכט אַ שולדיקן אין די אַלע דורכפאַלן, וואָס זיי האָבן געליטן בעת דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע,

אין 1905, ווען אידן האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע. דאָס האָט געפירט דערצו, אַז אויך רוסישע רעוואָלוציאָנערן האָבן געמוזט אַנטלויפן קיין אויס־לאַנד, כדי זיך באַפרייען פון די רוסישע טורמעס און פאַרשיקונגען אין ווייטן, קאַלטן סיביר. ס׳איז אינטערעסאַנט אָנצואווייזן, אַז די זשאַנדאַרמעריע, ווי אויך די סאָלדאַטן וואָס האָבן באַוואַכט די גרענעץ, האָבן זיך באַטייליקט אין דער אומלעגאַלער עמיגראַציע. געוויינלעך, האָבן זיי געקראָגן באַצאָלט פאַר העלפן אין דער באַוועגונג. מיר ווילן דאָ אויך דערציילן אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד אין שייכות מיט דעם „גנבענען די גרענעץ״.

נאָך דער רעוואָלוציע, אין 18—1917, האָט מען אין אַרכיוון פון דער פּאָלי־טישער זשאַנדאַרמעריע, אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק, אויסגעפונען, אַז אין דער אויבנדערמאָנטער צייט, אין הוסיאַטין, האָט איינער, וועלכער איז געווען פון די הויפּט־פירער פון דער אומגעזעצלעכער פּרנסה, אַריבערגעפירט דורכן גרענעץ, ביינאַכט, ניקאָליי לענינען, גרינדער פון דער שפּעטערדיקער קאָמו־ניסטישער רוסישער רעגירונג, וואָס צום באַדויערן, עקזיסטירט זי נאָך איצט ווי אַ דיקטאַטאָרישע מאַכט. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ער האָט ניט געוואוסט וועמען ער שמוגלט דורך דער גרענעץ. פאַרענדיקט האָט זיך עס דערמיט וואָס די צאַרישע מאַכט האָט אים פאַרשיקט קיין סיביר. אָבער ער איז אַנט־לאָפן אין מיטן וועג און זיך אַריבערגעכאַפּט דורך דער זעלבער גרענעץ. ער איז געשטאָרבן — איז די שפּעטערדיקע יאָרן — אין סקאַלאַ, גאַליציע; דאָרט האָט ער זיך מפרנס געווען דורך אַרומגיין איבער די הייזער נאָך נדבות.

די גרענעץ האָט אויך געדינט, און איז אויסגענוצט געוואָרן, פאַר דער אונטערערדישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין לאַנד. נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז דער וועג האָט געפירט צו לענדער ווי עסטרייך — — און פון דאָרטן צו דייטשלאַנד, פראַנקרייך, ענגלאַנד און אַמעריקע — האָבן פאַרשי־דענע פּאַרטייען געפונען אַ באָדן פאַר זייער אַרבעט. די פּרעסע איז געווען ליבעראַל. די געזעצן וואָס איז נוגע פאַרזאַמלונגען, זיינען געווען לייכטער; האָט עס אויך געגעבן אַ מעגלעכקייט די רוסישע רעוואָלוציאָנערן צו טראַנ־ספּאָרטירן פון יענע לענדער קיין רוסלאַנד פּראָפּאַגאַנדע־מאַטעריאַל; ווי אויך פאַרשיידענע אינסטרוקציעס, אָנווייזונגען און פּראָגראַמען, פאַרן קאַמף וואָס די רוסישע ליבעראַלע עלעמענטן האָבן ניט אויפגעהערט פאָרצוזעצן קעגן דער רוסישער רעגירונג. די צאַרישע מאַכט האָט געוואוסט וועגן דעם און האָט אויך געפירט אַ קעגן־קאַמף. די גאַנצע געגנט אַרום אונדזער שטעטל איז געווען באַוואַכט, ווי אויך פאַרשפּרייט מיט געהיים־אַגענטן. עס זיינען פאָר־געקומען אָפטע שיסערייען, בכדי צו פאַרשפּאַרן די גרענעץ און ניט דורכלאָזן אומלעגאַלע ליטעראַטור, וואָס איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין לאַנד און האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אין דער לאַנג־יאָריקער אויפשטאַנד־באַוועגונג.

דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז דאָס שטעטל מיט די איינוואוינער האָבן אַלע מאָל געלעבט אין אַ געוויסן פּחד, אונטערן דרוק פון געשעענישן.

איבערגייענדיק צום עקאָנאָמישן לעבן פון די אידן אין אונדזער שטעטל,

איז כדאי זיך אָפּצושטעלן אויף דעם, אַז די גרענעץ האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ גרויסן האַנדל צווישן די לענדער. דער עקספּאָרט פון דער רייכער אוקראַינע פון פאַרשידענע אַגראַרישע פּראָדוקטן — ווי אויך געהילץ פון די וועלדער און אַנדערע מאַטעריאַלן — איז געווען הויפּזעכלעך אין אידישע הענט.

דעם גרעסטן טייל פונעם האַנדל האָבן דורכגעפירט די אידן פון ביידע הוסיאַטינס. דאָס איז געטאָן געוואָרן אויף געזעצלעכע יסודות; טאָג און נאַכט האָט זיך די דאָזיקע באַוועגונג ניט אָפּגעשטעלט. דאָס שטעטל איז אַלע מאָל געווען פאַרנומען מיט עקספּאָרט און אימפּאָרט, צו מער אַנטוויקלטע אינדו־סטריעלע לענדער. ספּעציעל עסטרייך און דייטשלאַנד האָבן שוין אין יענע צייטן באַזעסן אַ מער טעכנישע אַנטוויקלונג און האָבן פאַרקויפט זייערע מאַשינען, אויסגעאַרבעטע אַרטיקלען און מעדיקאַמענטן צו רוסלאַנד, וואָס האָט דערמעגלעכט צו העכערן דעם לעבנס־שטייגער פון די איינוואוינער.

מ׳מוז אויך צוגעבן, אַז הוסיאַטין, עסטרייך — פון דער אַנדערער זייט טייך — איז געווען מער פּראָגרעסיוו און וועלטלעך, אין פאַרגלייך מיט הוסיאַ־טין פון דער רוסישער זייט. פאַר די הוסיאַטינער איז די באַוועגונג — איבער דער גרענעץ — געווען אַ פרייע, און די אידישע באַפעלקערונג פון ביידע שטעט האָט ניט בלויז אָנגעפירט האַנדלס־פאַרבינדונגען, נאָר האָט אויך מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע איינהייט.

ספּעציעל די יוגנט איז געווען פאַרבונדן דורך ציוניסטישע שטרעבונגען — דורך דער העברעאישער און אידישער שפּראַך און ליטעראַטור, וועלכע זיינען שוין געווען פאַרשפּרייט דורך טעגלעכע צייטונגען, ביכער־אויסגאַבן, א.ד.גל. דער עלטערער קלאַס האָט זיך צוזאַמענגעטראָפן ביים רבין אין הויף, וואָס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ באַזע פאַר רעליגיעזע ענינים.

דאָס רבישע לעבן איז געווען כמעט אַ קעניגרייך פאַר די חסידים און סתם אידן, וואָס זיינען געווען איבערצייגט אין רבינס חכמה און פאַרשטאַנד. אַ גרויסע צאָל בחורים און עלטערע מענטשן האָבן פאַרבראַכט דאָס לעבן ווי יושבים, זיינען געזעסן אין רבינס קלויז און געלערנט תורה לשמה. זיי האָבן ניט געדאַרפט זאָרגן פאַר פרנסה, ווייל זיי האָבן געקראָגן שפּייז און הלבשה פון רבינס קאַסע.

וואָס פאַר אַ צרה ס׳איז געשען אין אַ אידישער פאַמיליע, האָט מען זיך אַ לאָז געטאָן צום רבין פאַר אַ גוטער עצה און פאַר מיסטישער הילף. דער הייליקער הויף איז באַדינט געוואָרן פון אַ גאַנצער ריי פאַרשידענע משמשים (באַדינער), ספּעציעל לערך צען גבאים, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער גאַנ־צער פּראָצעדור, וואָס איז נוגע וועגן און ווי אַזוי צו האַנדלען מיט די מענטשן וואָס קומען צום רבין.

צו ערשט האָט דער גבאי אָנגעשריבן אַ קוויטל, אויסרעכענענדיק אַלע פאַראַנענע צרות צוליב וואָס מ׳איז געקומען צום רבין, זיך צו באַראַטן. דאָס

איז, פאַרשטענדלעך, באַגלייט געוואָרן מיט אַ געוויסן מעסיקן אָפּצאָל פאַרן רבין, ווי אויך פאַרן גבאי.

נאָך דעם, ווי דער רבי האָט דאָס קוויטל דורכגעלייענט, האָט דער איד געקענט אַריינגיין אין רבינס צימער, קריגן אַ מטבע וואָס איז דערלאַנגט געוואָרן פון דעם רבין אַליין; און קריגן אַ עצה און אַ ברכה, אַז אַלץ זאָל מקוים ווערן. פרויען האָבן נאָר געקענט, דורכן גבאי, אַריינשיקן דאָס קוויטל און האָבן דורך אים געקראָגן דעם רבינס ענטפער און גוטע וואונטשן. שבת און יום־טוב איז געפּראַוועט געוואָרן אַ טיש אין דער גרויסער קלויז. אַרום דעם טיש מיטן רבין, איז געזעסן אַ טייל פון דער פאַמיליע, און זייער אָפט עטלעכע הונדערט חסידים געסט, וועלכע זיינען זיך צונויפגעפאָרן פון גאַליציע. אויך רוסישע אידן, פון אָדעס, קיעוו, וויניצע, קאַמענעץ־פּאָדאָלסק — שוין אָפּגערעדט פון די אַרומיקע שטעטלעך. שפּאַצירנדיק איבער די גאַסן, ספּעציעל אויפן וועג צום הויף, האָט מען געקענט זען אַ סך אָרעמע, אָבער אויך פיל רייך־געקליידעטע אידן, מיט זיידענע טראַדיציאָנעלע מלבושים און פוטערנע שטריימלעך.

ראש השנה און יום כיפור האָט די שטאָט אויסגעזען ווי אַ גרויסער צענטער פון רעליגיעזע און גלייביקע מענטשן, וואָס האָבן עולה־רגל־געווען צום רבין, בכדי זיך צו געפינען אין אַ געהויבענער סביבה. קיין אַנדער געזעלשאַפט־באַוועגונג ביי אונדז, איז יענער צייט, האָט זיך ניט געקענט פאַרמעסטן מיט דעם עקסטאַז און איבערגעגעבנקייט צום חסידישן אידעאַל.

יעדן חמשה עשר בשבט זיינען מיר געגאַנגען אין הויף. דאָס איז געווען דער יום־טוב פאַר דער יוגנט, וואָס האָט געטראָגן אַ נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. די רביצין — וועלכע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר אַריסטאָקראַטישער שיינקייט, ווי אויך מיט אירע בעסערע מאָדערנע קליידער — האָט געהאַט צוגעגרייט קליינע פּעקלעך פּירות, וואָס זיינען געוואַקסן אין הייליקן לאַנד ארץ־ישראל, און זיי פאַרטיילט צו די געקומענע בחורים און מיידלעך, ווי אַ צייכן דערפון, וואָס אין דעם אידישן היימלאַנד ווערט געפייערט ראש השנה לאילנות, ווען דיביימער הייבן אָן זיך צו אַנטוויקלען.

דער רבנישער הויף איז וויניק וואָס געווען באַגייסטערט פאַר וועלכע ס׳איז בייע נאַציאָנאַלע אידייען. אין די אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט — ווען ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן סיי די השכלה, סיי די שיבת ציון באַוועגונגען — האָט דער גרעסטער טייל פון דער אידישער באַפעלקערונג אין זיי זיך ניט באַטייליקט, און — אין פיל פאַלן — אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד צו די פּראָגרעסיווע אידעאַלן וואָס האָבן זיך באַוויזן אויף דער אידישער גאַס. די גאַנצע רביישע דינאַסטיע, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף אירע חסידים, איז געווען באַזונדערס אַ קעגנער פונעם ציוניסטישן געדאַנק. דער רבי, מיט די חסידים, האָבן געוואַרט אויף משיחן, וואָס זאָל אַריבערפירן די אידן קיין ארץ־ישראל.

די יוגנט האָט געפירט דעם קאַמף אין באַהעלטעניש. ס׳איז זייער אײנ־

טערעסאַנט צו דערמאָנען, אַז עטלעכע יאָר פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, זיינען אין הוסיאַטין (גאַליציע), פאָרגעקומען וואַלן צום פע־דעראַלן פּאַרלאַמענט אין ווין. לויט די עסטרייכישע געזעצן, האָבן אויך אידן געהאַט פולע רעכט זיך צו באַטייליקן אין די וואַלן און אַרויסשטעלן אייגענע קאַנדידאַטן. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט אויסגענוצט אָט די וואונדער־לעכע געלעגנהייט און געפירט אַ גרויסן קאַמף פאַר אַן אייגענעם דעפּוטאַט, ד״ר ישראל וואַלדמאַן פון טאַרנאָפּאָל. ס׳איז געווען אַ גוטע געלעגנהייט, אים צו דערוויילן אַלס דעפּוטאַט צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט, וואָרעם אַ גרויסער טייל פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג — באַזונדערס די אוקראַינער, וואָס זיינען געווען אומפריינטלעך צו די פּאָליאַקן — האָט געשטימט פאַר אַ אידישן פאָרשטייער. אָבער דער גאַנצער רבישער אַפּאַראַט האָט געאַרבעט אויסצואוויילן דעם פּוילישן גוט־באַזיצער גראַף גאַלאַכאָווסקי, וואָס האָט זיך ניט אויסגעצייכנט מיט קיין צו גרויסער ליבשאַפט צו די אידן, צוהעלפנדיק דערמיט ד״ר וואַלדמאַנס דורכפאַל.

ווי ס׳ווייזט אויס, האָט דער רבי געגלייבט, אַז מ׳דאַרף זיך ניט וואַרפן אין די אייגן פון דער רעגירונג; אויך, אַז מ׳דאַרף אַוועקשטעלן פון זוכן זעלבסט־שטענדיקייט אין פּאָליטישע ענינים. די חסידישע וועלט־אַנשויאונגען האָבן זיך באַזירט אויף דעם, אַז דער פריץ — דער רייכער גראַף וואַלאַכאָווסקי און אַנ־דערע ווי ער — וועלן טייל מאָל אויך פאַרטיידיקן די אידישע אינטערעסן. אויך האָט דער רבישער הויף געקראָגן געוויסע געזעצלעכע עקאָנאָמישע פּריווילעגיעס פון די רייכע פריצים אין יענעם געגנט. די רביצין איז באַזאָרגט געוואָרן, אין די זומער־מאָנאַטן, מיט אַ קאַרעטע און פערד, צוגעשיקט פון גאַלאַכאָווסקיס שטאַלן, עטלעכע מאָל דורך דער וואָך, צו פאַרן שפּאַצירן אין זיין פּריוואַטן גרויסן גאָרטן, וואו געווינטלעך האָט די אידישע, ווי אויך די קריסטלעכע, באַפעלקערונג דאָרט ניט געטאָרט אַריינקומען.

געוויס האָבן זיך די צייטן געביטן. נאָך פיל רעוואָלוציעס, פּאָגראָמען, גירושים און די פאַרניכטונג פון די אַלטע איינגעזעסענע פּלעצער, זיינען אויך די רבישע משפחות אונטערגעגאַנגען און פאַרשווינדן געוואָרן. אין די שפּע־טערדיקע יאָרן האָבן זיך טייל באַזעצט אין ישראל, וואו ס׳וואוינען נאָך איצט גאָר נאָענטע פונעם הוסיאַטינער רבין.

מיר, די יוגנט פון דער רוסישער זייט, זיינען געווען פאַראינטערעסירט, אַז די ציוניסטן זאָלן זיין די וואַל־זיגער. זייענדיק רוסישע בירגער, האָבן מיר ניט געקענט זיין אַקטיוו אין דער טעכנישער אַרבעט און אויך ניט געהאַט קיין רעכט זיך צו באַטייליקן אין אַזאַ וויכטיקער נאַציאָנאַלער געשעעניש; מיר זיינען אָבער מאָראַליש געווען פאַרבונדן מיטן זעלבן אידעאַל און האָבן גע־טיילט מיט די חברים, פון דער צווייטער זייט גרענעץ, די דערגרייכונגען אין דורכפאַלן.

ס׳איז מערקווירדיק אין סימבאָליש די געשיכטע פון יענע יאָרן. מיר האָבן געלעבט אונטער דער מאַכט פון רוסישע צאַרן (ראָמאַנאָווס) אַן ערך דריי

הונדערט יאָר. די שפּראַך איז געווען רוסיש; די צייטונגען, ווי אויך די רייכע רוסישע ליטעראַטור, האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייערע אָנגעזעענע שרייבער, פּאָעטן און רעוואָלוציאָנערע קעמפער, און אונטער דער דאָזיקער ווירקונג און גייסט זיינען מיר דערצויגן געוואָרן.

די יוגנט פון דער אַנדערער זייט גרענעץ האָט איר דערציאונג געקראָגן אין דער פּוילישער און דייטשער שפּראַך, אונטער אַנדערע סאָציאַלע לעבנס־באַדינגונגען; דאָס האָט אָבער ניט געווירקט צו צעטיילן די אידישע ספּעציפישע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען; מיר זיינען געווען ווי איין פאָלק, אָנגעזאַפּט מיט אונדזער תורה, תלמוד, טראַדיציעס און מאָדערנע ליטעראַטור, געשאַפן דורכן אַלטן און נייעם קוואַל פון דער אייביק יונגער ניט־אויסגעשעפּטער רעליגיעזער און נאַציאָנאַלער באַוואוסטזיניקייט, מיטן געדאַנק און האָפענונג פון שיבת ציון, וואָס האָט אונדז געהאַלטן פאַראייניקט, אונטער אַלע באַדינגונגען. די קריסטלעכע באַפעלקערונג, וואָס האָט געוואוינט אויףביידע זייטן גרענעץ, איז באַשטאַנען פון אַ גרויסער צאָל אוקראַאינער, וואָס האָט ניט געהאַט קיין פאַרבינדונג איינער מיטן צווייטן. זיי האָבן געוואוינט ביי זיך אין דער היים און ניט געליטן פון וועלכע ס׳איז אונטערדריקונגען אַלס פרעמדע.

לאָמיר זיך אומקערן צום סאָציאַל־עקאָנאָמישן לעבן פון שטעטל. ווי אויבן באַמערקט, האָט כמעט די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג געצויגן חיונה פונעם עקספּאָרט פון פאַרשידענע אַגראַרישע פּראָדוקטן און אַנדערע מאַטעריאַלן, ווי אויך פונעם אימפּאָרט פון מאַשינען און אויסגעאַרבעטע אַרטיקלען. ווילנדיק אָדער ניט, האָט די רוסישע מאַכט געמוזט זיך רעכענען מיט דער אידישער האַנדלס־פעאיקייט און ענערגיע. די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט געגעבן נאָר טעכנישע הילף, וואָס איז נייטיק געווען אין יענער צייט, ווי טראַנספּאָרט און געוויסע אַנדערע געביטן.

לויט דעם סטאַנדאַרט פונעם דאַמאָלסטדיקן האַנדלס־מיניסטעריום, אין פּעטערבורג, איז הוסיאַטין געווען פאַררעכנט אַלס ערשטקלאַסיקער גרענעץ־פּונקט. מיר געדענקען ניט, צי די רעגירונג האָט פאַרעפנטלעכט וועלכע ס׳איז אָפיציעלע סטאַטיסטיק וועגן באַטרעף פונעם גרויס־האַנדל; מ׳קען אָבער מיט זיכערקייט זאָגן, אַז ס׳האָט באַטראָפן אין די שווערע מיליאָנען רובלס און האָט געוויינטלעך אַריינגעבראַכט באַדייטנדע פאַרדינסטן. אַ היפּשער טייל פון די איינוואוינער איז געווען רייך; קיין גרויס אָרעמקייט, ווי אין די אַנדערע נאָענטע געגנטן, האָט ביי אונדז ניט עקזיסטירט.

נאָכן קישענעווער פּאָגראָם — ווי אויך נאָך דער רוסישער מפּלה אין דער מלחמה מיט יאַפּאַן, אין 1905 — האָט זיך צעשפּרייט אַ כוואַליע פון פּאָגראָמען און אומרוען אין דער אוקראַאינע. די צאַרישע מאַכט האָט אַ ציטער געטאָן פאַר דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און האָט אָנגענומען שטאַרקע מיטלען צו באַזיגן דעם אינעוויניקסטן אומרו; אידישע לעבנס זיינען געוואָרן הפקר און אידישע פאַרמעגנס זיינען צעראַבירט געוואָרן.

די גאַנצע גרענעץ־ליניע איז באַוואַכט געוואָרן און די פּאָליציי און זשאַנ־

דערמעריע האָבן, אין איינעם מיט דער ספּעציעלער גרענעץ־וואַך, אָנגעהאַלטן רו און אָרדענונג. צו ערשט האָט ניט געפּאַסט פאַר דער רעגירונג, צוצולאָזן וועלכע ס׳איז אומאָרדענונג, וואָס זאָל שטערן דעם האַנדל מיט די אויסלענדי־שע רעגירונגען; צווייטנס האָט די רעגירונג גוט באַגריפן, אַז אָן די אידן וועט דער האַנדל צוזאַמענברעכן. אַ דאַנק דעם, האָבן מיר — אין יענע יאָרן, ניט דורכגעלעבט קיינע פּאָגראָמען, אָדער רויבערייען.

ווען די אידן, וואָס האָבן געוואוינט אין די אַרומיקע דערפער האָבן גע־בראַכט ידיעות אין שטעטל אַריין, אַז אַ טייל פון דער קריסטלעכער באַפעל־קערונג קלייבט זיך אָנצופאַלן אויף די שטעטלדיקע יידן, האָט דער זשאַנדאַרמ־סקער נאַטשאַלניק גלייך אַרויסגעשיקט אַ צאָל פון דער זשאַנדאַרמעריע אין די דערפער, כדי צו וואָרענען, דורך דער דאָרטיקער מאַכט, אַז די קריסטן זאָלן ניט וואַגן צו פּראָוואָצירן וועלכע ס׳איז אַוואַנטורעס, אָדער אָנפאַלן, אויף אונדזער שטעטל.

דערצו האָט אויך געהאָלפן דאָס, וואָס אַ דעלעגאַציע פון אונדזערע בעלי־בתים האָט פערזענלעך אינטערווענירט מיט דער הויפּט־מאַכט פון שטעטל וועגן דער סכנה, און די געהעריקע מיטלען זיינען אָנגענומען געוואָרן.

אָט אַזוי האָט זיך לאַנגזאַם געצויגן דאָס לעבן פון שטעטל אַ גאַנצע וואָך — פאַריאָגט נאָך פּרנסה; אָבער פון פרייטאָג נאָכמיטאָג ביז שבת ביינאַכט, האָט דער אָרום — אין די הייזער, ווי אין די גאַסן — באַקומען אַן אַנדער קאָליר. די טראַנספּאָרטאַציע איבער דער גרענעץ האָט זיך אָפּגעשטעלט; די וועגענער, וואָס האָבן — טאָג און נאַכט — געבראַכט און אַוועקגעפירט סחורות, זיינען אָפּגעשטעלט געוואָרן. די מאַכט, ווי אויך די קריסטלעכע באַ־פעלקערונג, האָט געמוזט רוען אום שבת; זונטאָג איז די גרענעץ געווען פאַר־מאַכט ביז 12 נאָכמיטאָג.

אַזוי האָט זיך עס יאָרן לאַנג איבערגעחזרט יעדן שבת און יום־טוב.

פרייטאָג נאָכמיטאָג, האָט זיך דער געשטאַלט פון שטעטל אָנגעהויבן ענדערן; דער עלטערער עולם האָט זיך אָנגעהויבן צוצואיילן, צו פאַרענדיקן די וואָכיקייט און באַגעגענען דעם שבת קודש. ווער ס׳איז געלאָפן אין דער שטאָטישער באָד, אָדער זיך אָפּוואַשן אין דער היים, זיך גענומען גרייטן איבערצובייטן די מלבושים, גיין אין שול אָדער קלויז, מקבל־שבת צו זיין. נאָך אײדער די נאַכט האָט זיך אָנגערוקט, האָבן זיך אידן אַ לאָז־געטאָן דאַווענען.

ס׳דערמאָנט זיך איצט דאָס אומפאַרגעסלעכע בילד פון די דורות־לאַנגע טראַדיציעס, וואָס האָבן באַפרייט דעם איד פון עם טאָג־טעגלעכן, פּוסטן יאָך און אַריינגעבראַכט אין דער פאַמיליע אַ שטימונג פון יום־טובדיקייט, רו און זוכעניש אין די באַהעלטענישן פון גאָטהייט . . .

דערצו האָט דער שבת באַזעלט דעם איד מיט דער מאָראַלישקייט פון דער תורה און געבראַכט רו — פאַר זיך, ווי פאַר דער אייגענער פאַמיליע, באַדינער און אַרויסהעלפער; אַפילו פאַר אַנדערע לעבעדיקע באַשעפענישן.

קיינער האָט דאָך ניט געצוואונגען קיינעם דאָס צו טאָן; קיין שום פּראָפּאַגאַנדע איז ניט אויסגענוצט געוואָרן.

איז געקומען ערב שבת, האָט ס׳הייליקע שבת־געפיל דורכגענומען דעם אידנ׳ס גאַנצן וועזן. דער אינגערער אויפגעקלערטער דור איז ניט געווען אַזוי אָרטאָדאָקסיש געשטימט ווי דער עלטערער; אָבער דער דרך־ארץ פאַר טאַטע־מאַמע און דער פאַמיליע איז געווען אַזוי שטאַרק אַז קיינער האָט זיך ניט קעגנגעשטעלט.

דאָס גאַנצע רעליגיעזע לעבן — איינשסילנדיק כשרות, טהרות המשפחה, צדקה און טראַדיציע — איז געווען איין לאַנגער פאָדעם, וואָס האָט אונדז צוזאַמענגעבונדן פאַר דורות און דורות, לאַנגע יאָרן, און האָט מעגלעך געמאַכט אַריבערצוטראָגן די רדיפות, פּאָגראָמען און גירושים וואָס דאָס אוקראַינער אידנטום האָט געהאַט דורכגעלעבט.

ווי ס׳האָט זיך דאַמאָלט געפירט, האָבן קינדער אָנגעהויבן לערנען אין חדר ביים דרדיקן מלמד. די קינדער פון ניט־פאַרמעגלעכע פאַמיליעס האָבן זיך געלערנט דאַווענען; ווער פון זיי ס׳האָט אַרויסגעוויזן גרעסערע פעאי־קייטן, האָט זיך אויך אויסגעלערנט אָנשרייבן אַ אידיש בריוול. פיל תלמידים, וואָס וואָלטן מעגלעך געקענט מאַכן אַ גרעסערן, וויטערדיקן פּראָגרעס ביים לערנען, זיינען געווען געצוואונגען אָפּצושטעלן ס׳לערנען און אַרויסהעלפן די עלטערן זיך מפרנס זיין. ווען זיי זיינען אונטערגעוואַקסן, האָבן זיי מער ניט געקענט פאַרזעצן זייער דערציאונג (לערנען אַ פרשה חומש מיט רש״י א.ד.גל.); שוין אָפּגערעדט פון לערנען גמרא, אָדער זיך באַקענען מיט דער וועלטלע־כער רוסישער און אידישער ליטעראַטור.

די שפּראַך אויסער אידיש איז געווען אוקראַיניש, וואָס מיר האָבן זיך אויסגעלערנט אין גאַס. די אָפיציעלע רוסישע שפּראַך פון דער באַטשאַלסטוואָ איז ניט געווען נייטיק פאַרן טאָג־טעגלעכן לעבן, אַזוי לאַנג ווי מען האָט זיך געקענט פאַרשטענדיקן מיט די פויערים אין די שפייז — און אַנדערע קלייט־לעך, אָדער אויף די ירידים. אָט די דאָזיקע דערציאונג איז געווען גענוג צו ציען חיינה און צו דערציען קינדער אין אידישן גייסט. צו ווערן בר־מצוה, צום „אויפרופן" ביים ווערן אַ חתן, און דער עיקר טאַקע, פרום זיין, קענען מאַכן קידוש און אַפילו ווערן אַ חסיד ביים רבין, אויב ניט ביים הוסיאַטינער, איז ביים קיפּיטשינעצער אָדער גאָר ביים זינקעווער...

אידן פון אַ גאַנצער וואָך האָבן, צוליב פּרנסה, ניט געקענט דאַווענען מיטן מנין אין דער גרויסער שול אָדער אין קלויז; איז שבת און יום־טוב געווען די צייט פון גיין דאַווענען אין די בתי מדרשים. שבת נאָכמיטאָג האָט מען זיך צוגעלייגט אָפּרוען; נאָך דעם איז מען געגאַנגען אין שול, זאָגן תהילים, אין איינעם מיט קהל. דער גרעסטער טייל האָט אפשר ניט פאַרשטאַנען די פירוש־המילות, אָבער מען האָט געוואוסט דעם נוסח דערפון און האַרציק געזאָגט. נאָך דעם האָט מען באַגעגנט די אָנקומענדיקע וואָך מיט אירע זעל־ביקע פּראָבלעמען און דאגות, אָבער מיט באַנייטער האָפענונג.

דער מער־פאַרמעגלעכער קלאַס אין שטעטל האָט געשטרעבט צו אַ פּאַר־בּרייטערטער דערציאונג פון די קינדער. פאַרענדיקט די ערשטע עטלעכע יאָר ביים דרדיקן מלמד, האָבן די קינדער פאָרגעזעצט דאָס לערנען ביי מלמדים מיט מער וויסן פון דער אַלטער אידישער ליטעראַטור. אין די שפּעטערדיקע יאָרן זיינען שוין געווען אין שטעטל פּריוואַטע לערער פאַר דער העברעאי־שער, ווי אויך רוסישער שפּראַך.

פאַרשטייענדיק די צווי שפּראַכן, האָט שוין די יוגנט געלייענט פאַרשיי־דענע טעגלעכע צייטונגען. ס'זיינען דערהאַלטן געוואָרן: דער „פריינד" (אויף אידיש), פון פּעטערבורג; „מאָמענט" אָדער „היינט", פון וואַרשע. אויך די העברעאישע פּובליקאַציעס: „הצפירה", פון וואַרשע; „הזמן", פון ווילנע; דאָס ציוניסטישע וואָכנבלאַט „העולם"; „השלוח", פון אָדעס. אויך דער רוסישער ציוניסטישער זשורנאַל, „ראַזסוויעט", פון פּעטערבורג; און אַ צאָל רוסישע טעגלעכע צייטונגען.

קיין אַדווערטייזמענטס האָבן דאַן ניט עקזיסטירט; יעדער געדרוקט וואָרט האָט געהאַט אַן אינהאַלט און כאַראַקטער, אָפּשפּיגלענדיק דעם אידישן וויסן און טאַלאַנט. אויף דעם זעלבן אופן, האָבן זיך אויסגעפורעמט די רוסי־שע ליטעראַטור, שפּראַך און היסטאָרישע און טעגלעכע געשעענישן, די ליטע־ראַטור האָט איינגעשלאָסן אַ באַדייטנדיקע צאָל וויסנשאַפטלעכע און פילאָ־זאָפישע ווערק. עס הנט זיך באַוויזן אַ מאָדערנע אידישע אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אין משך פון יאָרן און איז געוואָרן די אָנפירערין פון די ווייטערדיקע דורות. צייטנווייז, האָט דער שטראָם מיטגעצויגן דעם געלערנטן עלטערן דור ווי דער רעזולטאַט, איז געבוירן געוואָרן די שיבת ציון — און אַנדערע ציון־באַוועגונגען, ביזן אויפקום פון דער ווידער־אויפגעריכטער מדינת ישראל.

ס'לעבן איז אַזוי זיך רעגלמעסיק אָנגעגאַנגען אָן גרויסע ענדערונגען. די קינדער זיינען אויסגעוואַקסן, זיינען צוגעגרייט געוואָרן צום זעלבשטענדיקן עקזיסטענץ, האָבן חתונה געהאַט און ווייטער געצויגן דעם פאָדעם פון אידיש־קייט — פאַר זיך, ווי פאַר די קומענדיקע דורות. זייער ווייניק אידן האָבן מיט דעם אייגענעם ווילן פאַרלאָזט זייערע היימען; טייל פון די, וואָס האָבן יאָ באַ־שלאָסן צו זוכן גליק אין דער פרעמד, האָבן זיך אומגעקערט צוריק אַהיים.

דער נאַטירלעכער באַפעלקערונגס־וואוקס איז ניט געווען זייער גרויס, דאַמאָלט איז ניט געווען קיין גענויע סטאַטיסטיק, וואָס עס איז שייך דער גרויס פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג; אָבער מיט דער אַלגעמיינער פאַר־גרעסערונג, איז אויך אונדזער שטעטל געוואַקסן. נייע הייזער זיינען אויפגע־שטעלט און די געשעפטן האָבן זיך פאַרמערט.

זומערצייט 1914, האָט זיך געפילט אַ שווערע שטימונג. די רוסישע, ווי די אידישע פּרעסע, איז ניט געווען פריי; די מאַכט האָט דורך צענזור, קאָנ־טראָלירט די ייעס. ס'איז ניט באַריכטעט געוואָרן וועגן אַלע וועלט־געשעע־נישן; אָבער די אויסלענדישע פּרעסע (ווין) האָט יאָ געמאָלדן, אַז די לאַגע אין

עסטרייך־אונגאַרן איז אומרואיק. אָנהייב 1914, האָבן די עסטרייכישע באַנקן אָנגעהויבן פאַרקלענערן די קרעדיטן צו די רוסישע סוחרים; אויך די לאָקאַלע הוסיאַטינער (גאַליציע) קרעדיט־פירמעס האָבן געענדערט די געלט־טראַנזאַקציעס מיט די שטענדיקע עקספּאָרט און אימפּאָרט קליענטן פון די שטעטלעך. אָבער קיינעם איז ניט איינגעפאַלן פאָרויסצוזען, אַז עס האַלט ביי אַ מלחמה צווישן די גרויסמאַכטן. אַ וועלט־קריג, וואָס האָט געבראַכט רואינע ספּעציעל דער אידישער באַפעלקערונג און איז אויך געווען דער אָנהייב פון אונטערגאַנג פון אונדזער שטעטל, ווי פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך פון בײדע זייטן פון טייך זברוטש.

אָנהייב יוני, 1914 האָט די גאַנצע גרענעץ־וואַך זיך געביטן. די שטענדיקע גרענעץ־סאָלדאַטן זיינען צוריקגעצויגן געוואָרן טיפער אין לאַנד ; זייער פּלאַץ האָבן פאַרנומען סאָלדאַטן פון דער רוסישער אַרמיי. בכדי ניט אַרויסצואווייזן אַ פּאַניק ביי די אָפענע גרענעצן, האָט די רוסישע הויפּט־קאָמאַנדע דורכגעפירט אָט די אָפּעראַציע אין די דערפער, ווי אויך ניט נאָענט צו דער גרענעץ.

די באַוועגונג איבער דער בריק איז אָנגעגאַנגען נאָרמאַל. די עסטרייכער האָבן אויך פאַרשטאַרקט זייערע גאַרניזאָנען אַרום טשאָרטקאָוו, וואו עס האָבן זיך שטענדיק געפונען גרעסערע מיליטערישע אָפּטיילונגען. ניט קוקנדיק אויף די צוגרייטונגען, האָט קיינער ניט געטראַכט פון אַן אמתער מלחמה. די איינציקע מלחמה וועגן וועלכער מ׳האָט געטראַכט, איז געווען מיט יאַפּאַן — אַ וועיטער מהלך, ביי די סיבירער גרענעצן.

מ׳דאַרף געדענקען, אַז אין 1914, האָבן ראַדיאָ אָדער טעלעוויזיע, ניט עקזיסטירט. ווען אַ קריזיס האָט זיך אַנטוויקלט, איז עס, צום גרעסטן טייל, געמאָלדן געוואָרן דורך פאַרשפּעטיקטע טעלעגראַפישע דעפּעשן. קיין גרויסע מאַטאָר־באַוועגונג איז ניט געווען. די באַפעלקערונג האָט געקראָגן די נייעסן פון די צייטונגען, וועלכע זיינען געקומען מיט 5־6 טעג שפּעטער, פון די גרויסע שטעט.

די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן פון אַ גאַנץ קליינעם אינצידענט. דער עסטרייכישער פּרינץ פראַנץ פערדינאַנד און זיין פרוי, פּרינצעסין סאָפיע, זיינען געפאָרן קיין סאַראיעוואָ, וואָס געפינט זיך אין די באַלקאַנען. עסטרייך איז געווען אַ מאָנאַרכיע פון פאַרשידענע פעלקער, וועלכע זיינען געווען צעשפּרייט איוף אַ גרויסן שטח. סערביע איז געווען אַ סלאַווישע מלוכה און האָט געהאַט אַן אייגענע קליינע אַרמיי. זי האָט, ווי ס׳ווייזט אויס, געזוכט מיטלען און וועגן, ווי אַזוי זיך אָפּרייסן פון דער עסטרייך־אונגאַרישער מאָנאַרכיע, וואָס איז געווען באַזעצט ס׳רוב פון קאַטאָליקן. אין אַנדערע קלענערע פּראָווינצן, זיינען די שפּראַך, רעליגיע און אַרט לעבן געווען ניט ענלעך צו די אין די אַנדערע געגנטן און די מאָנאַרכיע איז געווען צו שוואַך, אָנצוהאַלטן דעם קאָנטראָל מיט אַ שטאַרקער האַנט.

צו דער געלעגנהייט פונעם סאַראיעוואָ־באַזוך פונעם פּרינץ, מיט זיין

פרוי, האָט דער סערבישער גענעראַל־שטאַב דערלאַנגט אַ רעוואָלווער אַ 19־יאָריקן סלאַוו, גאַווריל אָ פּרינציפּ. ווען דאָס קייזערלעכע פּאָרפּאָלק איז דעם 28סטן יוני, 1914 — מיט גרויס פּאַראַד, דורכגעפאָרן סאַראַיעוואָ, האָט דער יונגער סלאַוו זיי דערשאָסן. ווי די אויספאָרשונגען האָבן נאָך דעם באַוויזן, האָט אין סערביע עקזיסטירט אַן אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט, דורך טעראָר, געהאָפט זיך אָפּצוטיילן פון דער עסטרייכישער הערשאַפט און שאַפן — פון די פּראָווינצן, וואָס האָבן דעמאָלט זיך גערופן באסניע און הערצעגאָווינע — אַן איינהייטלעך גרויס סערביע. (וואָס עקזיסטירט איצט אַלס די יוגאָסלאַווישע מלוכה, מיט דער הויפּטשטאָט אין בעלגראַד.)

אָט דער איינציקער שאָס האָט פּאַראורזאַכט די קאַטאַסטראָפע און דעם גרויסן וועלט־קריזיס, וואָס ציט זיך — פון די ערשטע און צווייטע וועלט־מלחמות ביז היינטיקן טאָג. אין משך פון צוויי וואָכן צייט נאָך דעם, ווי דער עסטרייכישער פּרינץ מיט זיין פרוי זיינען דערשאָסן געוואָרן, זיינען שוין אין קריג געווען אַריינגעצויגן אַ גאַנצע ריי אייראָפּעאישע מלוכות. עסטרייך־אונגאַרן האָט געהאַלטן די סערבישע לאָקאַלע מאַכט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער געשעעניש און האָט סערביען דערקלערט קריג. דייטשלאַנד האָט, דורך אַן אולטימאַטום, דערקלערט, אַז זי איז גרייט צו העלפן עסטרייך; רוסלאַנד האָט זיך געגרייט צום שלאַכט, צו פאַרטיידיקן סערביע אַלס אַ סלאַוויש לאַנד; פראַנקרייך און ענגלאַנד זיינען צוגעטראָטן צו העלפן דער פאַרטיידיקונג פון בעלגיע. די מלחמה, מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, האָט זיך צעשפּרייט אין 28 לענדער — פינף וועלט־קאָנטינענטן — און האָט אומגעבראַכט מער מענטשן, ווי וועלכע ס׳איז אַנדער מלחמה, ווען ס׳איז פריער אין דער געשיכטע.

פינף און זעכציק מיליאָן זעלנער זיינען מאָביליזירט געוואָרן און זיינען געווען גרייט צו פאַרטיליקן איינער דעם צווייטן. דער רוסישער צאַר מיט זיין סוויטע זיינען געווען אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט; די גענעראַלן און דער גאַנצער מיליטערישער אַפּאַראַט האָבן באַוואויגן די צאַרישע פאַמיליע צו רופן אַן אַלגעמיינע מאָביליזאַציע פון אַלע מיליטערישע כוחות אין לאַנד; אולטי־מאַטומס זיינען געשיקט געוואָרן פון איין מלוכה צו דער צווייטער. מ׳דאַרף געדענקען, אַז די צאַרינע האָט געשטאַמט פון דייטשע פּרינצן און פּרינצע־סינס, און אַז אין אירע אָדערן האָט געפלאָסן דייטשע בלוט. דעריבער איז גע־ווען שווער צו איבערצייגן רוסלאַנד, צו דערקלערן קריג דער דייטשער מאָ־נאַרכיע, וואָס איז געווען פאַראייניקט מיט אַ דריי־בונד: עסטרייך־אונגאַרן, דייטשלאַנד און איטאַליע, אין דער צייט ווען רוסלאַנד איז געווען פאַרבונדן דורך אַ מיליטערישן אָפּמאַך מיט ענגלאַנד און פראַנקרייך.

נאָכן ערשטן אָנפאַל פון עסטרייך, אויף דער סערבישער הויפּטשטאָט, בעלגראַד, האָט די רוסישע רעגירונג געמוזט אָפיציעל דערקלערן קריג דעם דריי־בונד; ספּעציעל קעגן דייטשלאַנד, וואָס איז געווען די שטאַרקסטע צווישן די בונד־מיטגלידער. ס׳האָבן זיך אויך דערוועקט רעליגיעזע סלאַווישע גע־פילן; ס׳זיינען אויפגעקומען פאַרשידענע געאָגראַפישע, טעריטאָריעלע, ווי

אויך עקאָנאָמישע פּראָבלעמען. ווי אַן אינדוסטריעל פאָרגעשריטענע מלוכה, איז דייטשלאַנד געווען איינגעקרעמפּט אין אַ קליינער טעריטאָריע און האָט גע־מוזט זוכן מערק פאַר דעם אָפּזאַץ פון מאַשינען, ווי אויך פון אַנדערע וויכטיקע מאַטעריאַלן און כעמישע, עלעקטרישע און מעדיצינישע אַרטיקלען — כדי צו קענען איינקויפן די רוי־מאַטעריאַלן פון די אַרומיקע אַגריקולטורעלע לענ־דער און פעלקער, ספּעציעל פון רוסלאַנד.

ענגלאַנד האָט דעמאָלט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אויפן וועלט־מאַרק און האָט פאַרשפּרייט אירע פאַרטיקע סחורות אין פאַרשידענע לענדער, וואָס זיינען געווען קאָלאָניזירט און אונטער דער הערשאַפט פון דער גרויסער ענג־לישער אימפּעריע. צו אָט די מערק, האָט דייטשלאַנד געהאַט אַ קנאַפּן צוטריט. רוסלאַנד, געאָגראַפיש נאָענט צו דייטשלאַנד, האָט — מיט איר גרויסער באַ־פעלקערונג, ווי אויך מיט אירע גרויסע שטרעקעס ווייניק־באַזעצטער טערי־טאָריע — געצויגן דעם דייטשן דראַנג נאָך אָסטן, צו דער רייכער אוקראַינע. די מלחמה איז — פון קייזער ווילהעלם דעם צווייטן, ווי פון דער מיליטער־יונקערשער הויכער קאָמאַנדע — באַטראַכט געוואָרן ווי דער מיטל, דורך וועלכן צו פאַרגרעסערן זייער לאַנד־באַזיץ, אויף רוסלאַנדס חשבון.

די דייטשן האָבן אויך געהאַט היסטאָרישע טענות, צוריקצוקריגן די פּראָוואַנצייזישע פּראָווינץ פון עלזאַס־לאָטאַרינגע. ס'האָבן זיך געעפנט קאָלאָ־סאַלע פּראָנטן; קיינער האָט ניט פאָרויסגעזען, אַז די גרויסמאַכטן — ספּע־ציעל רוסלאַנד און דייטשלאַנד — גראָבן זייער אייגענעם קבר.

צאַר ניקאָליי דער צווייטער איז געווען דער לעצטער פון דער 300־יאָרי־קער ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע, מיט וועלכער ס'האָט זיך געענדיקט דער רעזשים, נאָכגעפאָלגט פון אַ קאָמוניסטישער דיקטאַטור, אפשר פיל ערגער פון דער צאַרישער, וואָס האָט אומגעבראַכט — אין די יאָרן פון דער רעוואָלוציע — מיליאָנען אומשולדיקע רוסישע בירגער, בכדי אַרויפצוצווינגען דעם קאָמו־ניסטישן רעזשים אין רוסלאַנד. דייטשלאַנד, ווידער, האָט פּראָדוצירט היטלערן — אין איינעם מיט דער פאַשיסטישער באַוועגונג און מוסאָלינין — אין אי־טאַליע. דער נאַצי־רעזשים האָט אָנגעוואָרפן דעם גרעסטן פּחד אויף דער מענטשהייט; זעקס מיליאָן אידן, ווי אויך אַ גרויסע צאָל פון אַנדערע פעלקער, זיינען — אין דער צווייטער וועלט־מלחמה — אומגעבראַכט געוואָרן.

ניין מיליאָן סאָלדאַטן זיינען אומגעקומען אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין צוגאָב צו אַ גרויסער צאָל פון דער ציווילער באַפעלקערונג; איבער צוואַנציק מיליאָן בירגער פון די אין דער מלחמה־אַריינגעצויגענע לענדער זיינען פאַרבליבן פאַרקריפּלטע און קראַנקע, ווי דער רעזולטאַט פון דער קריג; די וועלט איז צערודערט געוואָרן פּאָליטיש, עקאָנאָמיש, און געאָגראַפיש. נייע קליינע פעלקער האָבן זיך באַפרייט און האָבן געקראָגן זייערע שטאַטלעכע רעכט — פּוילן, טשעכאָסלאָוואַקיע, יוגאָסלאַוויע, אונגאַרן, פינלאַנד, די באַל־טישע לענדער א.ד.גל. אָבער עס האָט לאַנג ניט געדויערט ביזן אויסברוך פון

דער צווייטער וועלט־מלחמה, דער צווייטער קאַטאַסטראָפאַלער אַקט פון דער וועלט־דראַמע — אָבער דאָס איז אַ באַזונדערע היסטאָרישע עפּאָכע.

***

מיר וועלן זיך איצט אומקערן צו אונדזער שטעטל, וואָס איז געלעגן ביי דער גרענעץ פון די מלחמה־פראָנטן.

דער שרייבער פון די שורות האָט זיך — אין יוני און יולי 1914 — גע־פינען אין אָדעס; זיך געבאָדן אין לימאַן (שוואַרצן ים), וואו כ׳האָב אין אײנעם מיט דיאַמענען (אַ מעדיצינישער פעלדשער פון הוסיאַטין) געזוכט אַ רפואה קעגן רומאַטיזם. מיר האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן אָדעס און ווי צום שנעלסטן אַהיימפאָרן.

אויף די אָדעסער גאַסן זיינען פאָרגעקומען גרויסע פּאַטריאָטישע מאַני־פעסטאַציעס. טויזנטער מענטשן — באַזונדערס געוועזענע סאָלדאַטן, שטאָטי־שע מיליטער, פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע — האָבן דעמאָנסטרירט זייער איבערגעגעבנקייט צום גרויסן צאַר און זיין פאַמיליע. גלחים — און אַנדערע גייסטלעכע האָבן אַרויסגעבראַכט פון די קלויסטערס די איקאָנעס און זיך אָנגעשלאָסן אינעם אַלגעמיינעם מאַרש. דער אָדעסער גראַדאָנאַטשאַלניק איז, אויף אַ הויכן פערד, געפאָרן פאָראויס מיט זיינע געהילפן, באַגלייט פון אַ רעגימענט קאָזאַקן אויף פערד. מ׳האָט דעמאָלט אויך דערציילט, אַז דער קאַזיאָנער ראַבינער, ווי אויך אייניקע רבנים און רייכע בעלי־בתים, זיינען געגאַנגען מיט זאַלץ און ברויט, אַלס אַ דעפּוטאַציע, צו דער שטאָטישער מאַכט און פאַרזיכערט, אַז די אידישע באַפעלקערונג איז גרייט צו קעמפן פאַרן קיסר און פאָטערלאַנד. אידישע וועטעראַנען און אַלטע ניקאָלייעווסקע סאָלדאַטן האָבן מאַרשירט אין די רייען.

פון די אַלע גליקן אָבער, האָבן אידן — אין אָדעס און אינעם גאַנצן געגנט — געציטערט, מורא האָבנדיק פאַר פּאָגראָמען. די באַפעלקערונג האָט געהאַלטן, אַז אויב אין לאַנד גייט ניט גלאַטיק, איז מסתמא דער איד שולדיק אין דעם. דער פינצטערער רוסישער רעזשים האָט באַטראַכט די רעוואָלוציאָ־נערן און אינטעליגענטן — צווישן וועלכן אידן זיינען געווען אָנגעזען — ווי פאַררעטער. אין צוגאָב זיינען ביי די אידן געווען איינגעקריצט אין זכרון די פּאָגראָמען און אָנפאַלן פון 1905, נאָך דעם ווי די רוסן האָבן פאַרלאָרן דעם יאַפּאַנישן קריג.

מיר האָבן געקויפט בילעטן אויף דער אָדעסער סטאַנציע קיין פּראָסקוראָוו, וואָרעם קיין אייזנבאַן דירעקט קיין הוסיאַטין איז דעמאָלט ניט געווען. מען האָט געקענט פאָרן ביז דער סטאַנציע וואיטעוועץ; מיר האָבן אָבער געצווייפלט, צי מיר וועלן קריגן מיט וועמען אַהיימצופאָרן די שטרעקע פון 50 וויאָרסט. אונטער נאָרמאַלע באַדינגונגען וואָלט וואיטעוועץ געווען אונדזער נאָענטסטע באַן־סטאַנציע.

פון קויפן בילעטן ביזן קריגן די באַן צו פאָרן איז געווען אַ ווייטער מהלך. די וואַגאָנען און לאָקאָמאָטיוון זיינען רעקווירירט געוואָרן פאַר דעם

מיליטער און אויף דער סטאַנציע האָבן זיך שוין געפונען אַ היפּש ביסל ציוויליע מענטשן וועלכע זיינען געבליבן שטעקן אין אָדעס און האָבן געוואָלט אַהיימפאָרן.

נאָך צוויי טעג וואַרטן, איז באַשלאָסן געוואָרן, אַריינצושיקן אַ דעלעגאַציע צום נאַטשאַלניק, מיט דער בקשה, ער זאָל אונדז העלפן אַהיימפאָרן. נאָך לאַנגער מאַטערניש — און געלויף פון איין קאָמענדאַנט צום צווייטן — האָט מען אונדז געראָטן, זיך אַריינצוזעצן אין פערט־קלאַסיקן וואַגאָן (פונעם וואַגאָן, איז העלפט געווען פאַר פאַסאַזשירן; דאָס איבעריקע — פאַר פערד, וואָס זיינען מיט די סאָלדאַטן מיגעפאָרן צום פראָנט.)

צוויי טעג און צוויי נעכט האָט גענומען דאָס אָנקומען קיין זשמערינקע. מ'איז מער געשטאַנען אויף די סטאַנציעס ווי געפאָרן. די גאַנצע רייזע איז באַשטאַנען פון מאַנעווורירן, אָוועקצונעמען וואַגאָנען מיט מיליטער און שפּיז און צוטשעפּען אַנדערע וואַגאָנען — מיט אַנדערע סאָלדאַטן — פאַר אַ צווייטן פראָנט. אין זשמערינקע האָט מען באַפוילן אַז אַלע ציווילע פאַסאַזשירן זאָלן אַרויס פון די וואַגאָנען, ווייל — ווי מ'האָט אונדז געמאָלדן — וועט אונדזער באַן אונדז ניט ברענגען צום געוואונטשטן אָרט. אין זשמערינקע, האָט זיך אויף ס'ניי אָנגעהויבן אַ געלויף און אַ זוכעניש, צו געפינען עמעצן מיט יושר, צו העלפן אונדז אַהיימפאָרן. מיר האָבן געמוזט גיין אין שטאָט אַריין, שלאָפן. מ'האָט אונדז אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן זיך ניט אויסמישן מיט די סאָלדאַטן וואָס זיינען — אויף די דרויסנדיקע פּלאַטפאָרם־פּאָדלאָגעס — געשלאָפן אין זייערע בגדים, מיט די ביקסן ביי דער זייט.

ס'האָבן געזאָטן גרויסע, מיט — וואַסער־אָנגעפילטע קעסלען. יעדער סאָלדאַט האָט מיט זיך געהאַט אַ בלעכענעם טעפּל, אויף טיי־טרינקען; צוקער, ברויט און סוכאַרעס; אַ הילצערנע לעפל, אַריינגעטאָן אין דער שטיוול־כאַליאַווע; אין צוגאָב, אַ זעקל מיט אַ פּעקל וועש און אַ מאָליטוואַניק פאַר גאָטעס דינסט.

מ'האָט זיי אָנגעזאָגט, צו זיין גרייט מאַרשירן צום פראָנט פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד.

די רוסן וואָס זיינען געווען אין דער מערהייט, האָבן אויף זייערע גרינע היטלען געטראָגן אַ צלם, מיט אַ קליינער אויפשריפט: „זאַ צאַריאַ, ווערו אי אָטיעטשעסטוואָ" (פאַרן צאַר, גלויבן און פאָטערלאַנד). די אידישע — און אַנדערע — סאָלדאַטן פון קלענערע פעלקער (מאַכמעדאַנער און פאַרשידענע רעליגיעזע גרופּן, וואָס האָבן געוואוינט אין גרויסן רוסלאַנד) האָבן געטראָגן די זעלבע אוניפאָרמען ווי די רוסן; אויך אויף זייערע היטלען — אַ קאָלירט בלעכל מיטן אויפשריפט: „פאַרן קיסר און פאָטערלאַנד".

די סטאַנציע, ווי די שטאָט זשמערינקע, זיינען שוין געווען באַזעצט פון מיליטער; פוסגייערס, קאַוואַלעריע (קאָזאַקישע אָפּטיילונגען), ווי אויך מיט פערד־און־וואָגן געשלעפּט, גרינגע און שווערע אַרטילעריע. ווי באַוואוסט, איז זשמערינקע געווען איינע פון די גרעסטע סטאַנציעס אין אוקראַינע. ס'איז

געווען אַ דירעקטע אייזנבאַן־ליניע: אָדעס, זשמערינקע, קיעוו, מאָסקווע; אויך איז מען געפאָרן פון דאָרט קיין באַר, מאָגילאָוו־פּאָדאָלסק און אַ ליניע קיין פּראָסקוראָוו, וואָלאָטשיסק און פּאָדוואָלאָטשיסק; אויך דאַרף דערמאָנט ווערן שעפּעטאָווקע און די ווייטערדיקע פאַרבינדונגען מיט וואָלינער גובערניע.

די סטאַנציע איז געווען באַזעצט מיט אַ פעלד־שטאַב. דער ערשטער און צווייטער קלאַס זאַלן (לאַביס) האָבן געדינט אַלס פּלאַן־צימערן פאַר מי־ליטערישע באַוועגונגען אויף דער גאַנצער לענג פון דעם רוסיש־עסטרייכישן קריגס־פראָנט פון אַן ערך 600 וויאָרסט.

קריגס־אָפּעראַציעס אויף אַזאַ פאַרנעם זיינען, אין רוסלאַנד, געווען אַ זעלטנהייט. די גענעראַלן, שטאַב־קאָמאַנדירן און אָפיצערן — ווי אויך דער אינזשינירן־אָפּטייל — האָבן מעגלעך געוואוסט, פון זייערע מאַפּעס, ווי — און ווי אַזוי — אָנצופירן דעם קריג; זיי האָבן אָבער זייער ווייניק באַגריפן די סטראַטעגיע פון מלחמה. די דייטשן — וואָס האָבן געהאַט די אויבער־קאָמאַנדע איבער אַלע עסטרייך־אונגאַרישע, ווי אויך איטאַליענישע, אַרמייען — זיינען געווען קליגער. דערצויגן אין יונקערשן גייסט, האָבן זיי שטענדיק געשטרעבט צו מלחמות, פאַרכאַפּן נייע לענדער און ווערן דער בעל־הבית איבער פרעמדע פעלקער.

מיט שווערער מי, האָבן מיר זיך דערשלאָגן צו פּראָסקוראָוו. די גאַנצע שטאָט האָט אויסגעזען ווי אַ גרויסער מיליטערישער לאַגער.

פּראָסקוראָוו האָט פאַרמאָגט אַן אָנגעזעענעם אידישן ישוב, אַ פּראָגרע־סיווע אין אַקטיווע אינטעליגענץ. ווי געוויינלעך אין יענע צייטן, איז דער האַנדל געווען אין די אידישע הענט; אויך האָט עקזיסטירט אַ מוס־טערהאַפטער אַרבעטער־צעך בעלי־מלאכות. הוסיאַטין איז אַלע יאָרן געווען פאַרבונדן מיט פּראָסקוראָוו. פון וואַנען מען האָט געבראַכט נאַפט, זאַלץ און ענלעכע אַרטיקלען, מיט וואָס אידן האָבן אין פּראָסקוראָוו, גרויס־פאַרנעמיק געהאַנדלט. (ס׳וועט אונדז נאָך אויסקומען אין אַ ווייטערדיקן אָרט איבערצוגעבן וועגן די מלחמה־יאָרן, ווי אויך נאָך זכרונות וועגן פּראָסקוראָוו.)

מיר זיינען געפאָרן דורך יארמאלינעץ, דיניוויץ, סמאָטריטש און טשעמ־ראָוויץ; מיט גרויסע אָנשטרענגונגען, זיינען מיר — די צווייטע וואָך אין אוי־גוסט, 1914 — געקומען אַהיים.

אונדזער שטעטל האָט אויסגעזען ווי אַ בית־עולם — מיט לעבעדיקע, איבערגעשראָקענע מענטשן; די גאַסן — שטיל, מרה־שחורהדיק, יעדער האָט — אין פאַרשידענע מיט וועגט־געמויערטע קעלערן — געהאַט זיין ביסל פאַר־מעגן: בעטגעוואַנט, וואַרעמע קליידער, איבעריקע כלים: סיי דאָס אַלץ אויס־צובאַהאַלטן, סיי זיין גרייט צו לויפן און באַהאַלטן זיך פון די שיסערייען ביי דער גרענעץ.

אין אייניקע קלייטלעך, וואָס זיינען געשטאַנען אָפן, איז פאַרקויפט גע־וואָרן ס׳לעצטע ביסל סחורה וואָס מ׳האָט פאַרמאָגט. די בריק איז געווען פאַרמאַכט און פאַרשלאָסן מיטן געוויינטלעכן אייזערנעם טויער, דער טייך

וואָס האָט אונדז צעטיילט מיט דער צווייטער זייט הוסיאַטין, איז פון קיינעם ניט באַוואַכט געוואָרן. גרענעץ־מיליטער האָט זיך צוריקגעצויגן אויף דער גאַנצער לענג פונעם טייך זברוטש, פון דעם קליינעם שטעטעלע זברוש, דורך הוסיאַטין, סאַטאַנאָוו, וואָלאָטשיסקי און שעפּעטאָווקע. דערמיט האָבן זיך אויך פאַרענדיקט אַלע פאַרבינדונגען מיט דער אויסערלעכער וועלט. אַלע סחורות, וואָס זיינען עקספּאָרטירט געוואָרן פאַר די לעצטע צוויי־דריי וואָכן קיין דייטש־לאַנד, עסטרייך און ענגלאַנד האָבן ניט דערגרייכט די ערטער, צו וועלכע זיי זיינען טראַנספּאָרטירט געוואָרן. געפּעדט איינער צום אַנדערן, און זיך דער־וואוסט, אַז אויף די עסטרייכישע סטאַנציעס האָט מען אַלץ אַרויסגעוואָרפן אויף די פעלדער און רעקווירירט די וואַגאָנען פאַר מיליטער. אַזוי אַרום זיינען די גרעסטע עקספּאָרטערס געבליבן אָרעמעלייט און די אַרבעטער אָן פּרנסה. ס׳שטעטל איז געטראָפן געוואָרן פון אַן עקאָנאָמישער קאַטאַסטראָפע.

ס׳האָט זיך געשטעלט אַ פראַגע: צי וועט מען בלייבן דאָ זיצן ווען די מלחמה־אָפּעראַציעס וועלן זיך אָנהייבן, און וואוהין זאָל מען לויפן? קיין סך מזומן האָט קיינער ניט פאַרמאָגט; איז ווי אַזוי לאָזט מען איבער די הייזער; און ווי לאָזן די גאַנצע בעלי־בתישקייט אויף הפקר? ס׳איז געווען שווער צו באַגרייפן — און אַפילו צו גלייבן — אַז דאָס איז דער אָנהייב פון סוף פון אַזאַ דורות־לאַנגן לעבן. ס׳זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן פּלענער; אָבער נאָך יעדן באַשלוס, האָט מען געענדערט דעם פריערדיקן פּלאַן און געזוכט אַנדערע עצות.

מיט אַ טאָג־צוויי שפּעטער, האָבן די קריסטלעכע איינוואוינער פון די דערפער ביי דער גרענעץ געבראַכט די נייעס אין שטעטל, אַז עסטרייכישע סאָלדאַטן אויף פערד (אונגאַרישע אולאַנער), זיינען אַריבערגעשווימען דאָס וואַסער און זיך צעטיילט אין פאַרשידענע וועגן, טיפער אין לאַנד. וויטערדיקע באַריכטן זיינען געפלויגן יעדער מינוט — פון איינעם צום צווייטן — אַז צווישן הוסיאַטין און טשעמעראוויץ — ווי אויך ניט ווייט פון גריידונג (אַ שטעטל 30 וויאָרסט פון אונדז) — האָט צווישן קאָזאַקן אויף פערד און דער עסטריי־כישער קאַוואַלעריע שוין אויסגעבראָכן אַ שיסעריי. אָבער אין שטעטל גופא, האָבן זיך ניט געמערקט קיין וויכטיקע ענדערונגען, אויסער דעם וואָס די גרענעץ איז געווען פאַרמאַכט. מ׳איז געווען אָפּגעשניטן פון דער אויסערלע־כער וועלט — און עס איז אויך געווען אַ סכנה אַרויסצופאָרן פון שטעטל — פאַרכאַפּט צו ווערן אין מיטן וועג, וואו די שיסערייען זיינען פאָרגעקומען. די פּאָסט האָט אויפגעהערט צו פונקציאָנירן; בריוו און צייטונגען זיינען מער ניט אָנגעקומען; אויך דער טעלעגראַף־אָפיס האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען טע־לעגראַמעס פון פּריוואַטע מענטשן.

ווי מיר וועלן זען פון די וויטערדיקע געשעענישן, האָבן די מלחמה־אָפּעראַציעס זיך אָנגעהויבן ברייטפאַרנעמיק ביי די רוסיש־דייטשע גרענעצן. די איצטיקע קליינע לענדער, וואָס האָבן געקראָגן זעלבשטענדיקייט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן דעמאָלט באַלאַנגט צו גרויס־רוסלאַנד, אויף

ווענעמס גרענעצן ס׳האָבן זיך אַנטוויקלט די וויכטיקע, סטראַטעגישע שלאַכטן. שפּעט אין אויגוסט, 1914, האָבן די רוסן אָנגעהויבן אַ גרויסע אָפענסיווע אין מזרח־פּרייסן, באַמיענדיק זיך, מיט אַ גרויסער אַרמיי, צו פאַרכאַפּן די געגנט פון קעניגסבערג. דער רוסישער קאָמאַנדע האָט זיך איינגעגעבן אַריינצוכאַפּן אין דער דייטשער טעריטאָריע, אָבער ניט אויף לאַנג. די דייטשע אַרמיי האָט, מיט סטראַטעגישע מאַנעווערס, צוריקגעשלאָגן, אַרומרינגלענדיק די רוסן, וואָס האָבן פאַרלוירן אַן ערך הונדערט און פינף און צוואַנציק טויזנט זעלנער, אין צוגאָב צו פאַרוואונדעטע; דערצו איז אַ גרויסע צאָל אַריינגעפאַלן אין דייטשע הענט. דאָס איז געווען די ערשטע מפּלה אויפן מלחמה־פראָנט און די רוסן זיינען צוריק אַרויסגעטריבן געוואָרן פון מזרח־פּרייסן.

די עסטרייך־אונגאַרישע אַרמיי האָט זיך אויך אַ רוק־געטאָן אויף צווי הונדערט מייל אין דער לענג, אָפּצוציען די רוסן פון דייטשן פראָנט. אין סעפּטעמבער, 1914, איז די רוסישע אַרמיי אַריינגעדרונגען אין גאַליציע, פאַרכאַפּנדיק אונדזער געגנט. טאָג און נאַכט, האָבן רוסישע פוס־גייער — ווי אויך קאַוואַלעריע און אַרטילעריע — זיך געצויגן דורך דער גאַנצער לענג פון טייך זברוטש. די אַרמיי איז געווען דיסציפּלינירט און האָט אונדזער שטאָט שאָדן ניט געבראַכט. אומגעקערטע אידן האָבן באַלד אַנטוויקלט מיט דעם דורכגייענדיקן מיליטער פאַרשידענע מסחרים. די סאָלדאַטן האָבן געהאַט ברויט, צוקער, זאַלץ, פאַרלאַנגענדיק אַנדערע אַרטיקלען, וואָס האָבן זיך געפונען אין שטעטל. די קאָזאַקן האָבן אויך באַוויזן, ביינאַכט, אונטערצוצינדן די קלויז; אָבער די איינוואוינער נעבן דער קלויז האָבן אַרויסגעראַטעוועט די ספרי תורה. זוסי מאָדריק, דוד פּערל־יוסעלעס און סאַני מיילמאַן האָבן זיך באַרדעקט מיט נאַסע זעק קעגן פייער און זיינען אַריין אין קלויז, צו ראַטעווען די הייליקע ספרים, וואָס האָבן זיך נאָך דעם פאַר אַ צייט געפונען אין זוסי מאָדריקס הויז, וואָס איז געוואָרן אַ צווייטווייליקער מקום קדוש וואו צו דאַווענען.

אָבער ווי נאָר די קאָזאַקן זיינען אַריבער די גרענעץ קיין גאַליציע, האָבן זיי פאַרברענט דעם רבישן הויף און חרוב געמאַכט אַ סך אידיש פאַרמעגן, מ׳דאַרף באַגרייפן, אַז מיר, אויף דער רוסישער זייט, זיינען ווי רוסישע בירגער, געווען מער באַשיצט פון דער מיליטערישער מאַכט. אויך זיינען מיר געווען באַהאַוונט אין דער רוסישער שפּראַך און האָבן געקענט זיך ווענדן צום שטאַב, וואָס האָט זיך דעמאָלט געהאַט געפינען אין גריידינג, יאַרמאָלינעץ, א. אַ. אָבער די גאַליציאַנער אידן האָבן שוין געוואוינט אין שונאס טעריטאָריע; וואו נאָר די קאַוואַלעריע, מערסטנס קאָזאַקן, זיינען אַריבער די אַלטע גרענעץ, האָבן זיי באַוויזן וואָס זיי קענען אויפטאָן — געראַבעוועט און געמאָרדעט.

דער רבי מיט זיין פאַמיליע — ווי אויך מיט אַ טייל פון זייערע באַדינערס — האָבן זיך צוריקגעצויגן, אין איינעם מיטן עסטרייכישן מיליטער. מיט דער צייט, האָבן זיי דערגרייכט ווין, וואו זיי האָבן געפונען אַ מקום מנוחה. אויך פיל פונעם פאַרמעגלעכן קלאַס האָבן פאַרלאָזן אַלטע־איינגעזעסענע פלע־

צער אין גאַליציע און זיינען אַוועקגעפאָרן ווייטער פונעם שלאַכטפעלד. אין הוסיאַטין, גאַליציע, איז נאָך דעם געבליבן אַ גרויסער טייל אָרעמערע אידן, וואָס האָבן — אין דער צייט פון דער רוסישער מיליטערישער אָקופּאַציע — דורכגעמאַכט שווערע צייטן.

די עסטרייך־אונגאַרישע אַרמיי האָט געליטן גרויסע פאַרלוסטן; אַן ערך 350,000 זיינען אומגעקומען אויפן פראָנט. אין פאַרלויף פון עטלעכע מאָנאַטן, האָט די רוסישע אָפענסיווע דערגרייכט די קאַרפּאַטן בערג, אַרויסגעטריבן די עסטרייכער פון לעמבערג און פון דער גאַנצער געגנט, ביז פּרעמישל, וואָס איז געווען פאַררעכנט ווי אַ שטאַרקע פעסטונג, וואָס האָט פאַרהאַלטן די ווייטערדיקע רוסישע אָפענסיווע.

די דייטשן האָבן געקעמפט אויף צוויי פראָנטן — אין מזרח קעגן די רוסן, אין מערב קעגן פראַנקרייך און ענגלאַנד. נאָך זייער זיג, אויף די דערמאָנטע פראָנטן, האָבן זיי זיך — ווינטער־צייט, 1915 — דורכגעריסן דעם רוסישן פראָנט און האָבן באַוויזן אויך אַרויסצויאָגן די רוסן פון גאַליציע.

ס'איז כדאַי צו דערמאָנען, אַז נאָך די פאַרלוסטן אויף דעם מזרח־פראָנט, ווי אויך ווי דער רעזולטאַט פון די ווינטערדיקע מאַנעוורעס האָבן די רוסן שרעקלעך געליטן. די טראַנספּאָרטאַציע האָט זיך פאַרערגערט; עס האָבן געפעלט שפייז, ווינטערדיקע קליידער, ווי אויך אַמוניציע צו שיסן. אין רוסלאַנד גופא, איז די לאַגע געווען אַ טרויעריקע; ס'איז געווען אַ דוחק אין שפייז; אַלץ האָט אָנגעהויבן צו גיין באַרג־אַראָפּ. די סאָלדאַטסקע שטיוול און מונדירן האָבן זיך צעריסן; די פערד זיינען געפאַלן פון קעלט און הונגער. במילא, האָט מען ניט געקענט שלעפּן די קאַנאָנען פון איין פּלאַץ צום צווייטן.

***

לאָמיר איצט אַ בליק טאָן אויף אונדזער שטעטל, פונעם אָנהייב פון דער מלחמה ביזן גירוש הוסיאַטין, אין יולי 1915.

נאָך דעם, ווי דאָס רוסישע מיליטער איז אַריין אין גאַליציע, האָבן די סכנות פון דער מלחמה זיך פאַרקלענערט. רעגימענטן פון סאָלדאַטן האָבן זיך אומאויפהערלעך געצויגן צום פראָנט, ווי פונעם פראָנט. די אידן האָבן געפונען פאַרשידענע פּרנסות. ס'האָט זיך אַנטוויקלט אַ צייטווייליקער האַנדל. מ'איז געווען אונטערן איינדרוק אַז די גרענעץ האָט שוין ניט עקזיסטירט; איז מען געפאָרן — און געפירט — פאַרשידענע סחורות קיין גאַליציע, צור־ריקפירנדיק זאַכן, וואָס מ'האָט אַנדערשוואו ניט געהאַט. ס'האָבן זיך אויך באַטייליקט אין אומבייט־האַנדל די אידן פון די אַרומיקע שטעטלעך. די הייזער זיינען ניט געווען רואינירט, ווייל קיין גרויסע שלאַכטן זיינען אַרום אונדז ניט פאָרגעקומען. כאָטש די מיליטערישע מאַכט האָט געשטערט דעם האַנדל, האָבן אידן אָבער זיך אַן עצה געגעבן. ווי דער רעזולטאַט פון דער שטענדיקער מורא פאַר דער מאַכט, אַפילו אין רואיקע צייטן, האָבן זיך אונדזערע ברידער אויסגעלערנט ווי געהעריק צו האַנדלען אין פאַרשידענע סיטואַציעס.

קאָרופּציע (כאַבאַר) איז אַן אַלטע קרענק, באַזונדערס אין רוסלאַנד, און עס איז געווען אַן אָנגענומענער פאַקט, אַז אויב מען וויל פאָרן, מוז מען שמירן דעם מלוכהשן אַפּאַראַט. די פּאָליציי האָט אַלע מאָל געקראָגן באַצאָלט, צי פון געזעצלעכע אָדער אומגעזעצלעכע געשעפטן; דאָס זעלבע וואָס אַמבאַלאַנגט דער רוסישער מיליטערישער מאַכט. פאַר געלט, אָדער פאַר נוצלעכע זאַכן, האָט מען געקראָגן פון די קאַנצעלאַריעס דערלויבענישן; וואָס ס׳איז נעכטן געווען פאַרבאָטן, איז דעם צווייטן טאָג געוואָרן כשר. ס׳איז דאָך קיין אַנדער ברירה ניט געווען. אַלע נאָרמאַלע פּרנסות אָדער אַרבעטס־קוואַלן האָבן זיך אויס־געשעפּט. קיין געלט האָט קיינער ניט פאַרמאָגט; אָבער די אידישע פעאיקייט און שכל הישר האָט ניט געלאָזט אונטערגיין. אַזוי האָט זיך פאַרבונדן אַ האַנדל מיט די גאַליציאַנער אידן, וועמען עס איז אפשר געווען ערגער, ווי אונדז, די רוסישע. זיי האָבן געלעבט אונטער דעם שונאס אָקופּאַציע און זיינען נאָך געווען מער באַגרענעצט ווי מיר, רוסישע אידן.

די שטעטלעך אויף דער אַנדערער זייט וואַסער האָבן אויך מער געליטן ווי די אויף דער זייט פונעם טייך זברוטש: הוסיאַטין, גאַליציע איז כמעט אין גאַנצן חרוב געוואָרן. שטעט ווי בוטשאַטש, מאָנאַסטערישטש, סטאַניסלאַוו — אויך טאַרנאָפּאָל, לעמבערג א.אַ. — זיינען רואינירט געוואָרן. די אַלע ערטער זיינען יאָרן לאַנג געווען איינגעזעסענע אידישע ישובים, מיט פיינע קולטורעלע אַנשטאַלטן און אַ פּראָגרעסיווע נאַציאָנאַלע אינטעליגענץ.

ווי שוין דערמאָנט, האָבן מיר געהאַט די נאָענטסטע באַציאונגען מיט דעם גאַליציאַנער אידנטום, און ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן, איז עס געוואָרן ווי איין ישוב.

הכלל, אידן האָבן געהאַנדלט און געוואַנדלט. וואָס אַמבאַלאַנגט געלט־אָנגעלעגנהייטן, האָבן די רוסן געגלייבט אין צאַרישע רובלען; די עסטרייכער — אין פראַנץ־יאָזעפס קראָנען.ביידע רעגירונגען זיינען שוין געווען שאָקלדיק און האָבן געהאַלטן ביים אונטערגיין. אָבער די אידן, ווי אויך די קריסטלעכע באַפעלקערונג, האָבן געזוכט צו פאַרדינען וואָס מער און געלעבט מיט מנחם מענדלס חלומות. שפּעטער־צו, האָבן אַלע געלטער נישט געהאַט קיין שום ווערט. אַזוי ווי קיין בענק האָבן ניט עקזיסטירט, האָט מען אַכטונג געגעבן, אַז דאָס פּאַפּירענע געלט זאָל זיך האַלטן גאַנץ. מען האָט גערעכנט, אַז מ׳וועט עס אויסבייטן ווען די מלחמה וועט זיך האָבן פאַרענדיקט. קליגערע האָבן אויס־געביטן אויף גאָלד, אָבער מ׳האָט באַדאַרפט אַוועקגעבן אַ האַלבן זאַק פּאַפּיר־געלט פאַר עטלעכע גאָלדענע פינפערלעך; ווער האָט זיך געוואָלט געזעגענען מיט אַ פאַרמעגן פון טויזנטער רובלען פאַר אַ קליינקייט אין גאָלד?

דער מיליטער־פאַרקער פון די אַרמייען האָט אַריינגעבראַכט אַ געוויסע שפע אין שטעטל. מ׳האָט געביטן — און אַוועקגעגעבן — אַן איבעריקן ברויט פאַר מאַכאָרקע (צום רויכערן); אויך האָט מען פאַרקויפט אַ שינעל (אויבער־מאַנטל), אָדער אַ פּאָר שטיוול, פאַר מזומן, רעכענענדיק, אַהיימצוקומען אין גיכן און זיך אומקערן צו אַ נאָרמאַל לעבן.

אָבער די היסטאָרישע געשעענישן זיינען געגאַנגען אין אַן אַנדער ריכ־טונג, פּונקט דער היפּוך פון דעם, און וועלכער די מענטשהייט האָט געטראַכט און געהאָפט. ווי ס׳ווייזט אויס, איז דער געדאַנקען־גאַנג פון מענטשן און פעל־קער איבער דער וועלט אַ פאַרשידנאַרטיקער. דער ווילן איז צו לעבן, פּראָ־גרעסירן; איינצייטיק, אָבער איז אינעם מענטש גאָר שטאַרק דער דראַנג אומ־צוברענגען, פאַרניכטן אַלץ פונעם נעכטן, בויען אַ ניי לעבן פאַרן היינט ; אויס־פורעמען נייע פּלענער, פילאָסאָפיעס, דערפינדונגען פאַרן מאָרגן.

וואָסער צוקונפט ס׳וועט זיך אויסקריסטאַליזירן, קען מען ניט וויסן. דער וואונטש איז, אַז די מענטשהייט זאָל לעבן בשלום, זיך איינשאַפן מער באַ־קוועמלעכקייטן, אויסקעמפן מער גערעכטיקייט, אָפּשאַפן אָרעמקייט און קראַנ־קייטן; אין קורצן : שאַפן אַ גן עדן אויף דער ערד.

האָט מען עס, אין לויף פון טויזנטער יאָרן, דערגרייכט ? ביאָלאָגיש, יאָ. דער וועלטס באַפעלקערונג איז גרעסער ווי מיט טויזנטער יאָרן צוריק. ווי עס ווייזט אויס, וועט די צאָל מענטשן אויף דער ערד זיך האַלטן, וואָס ווייטער אין אײן פאַרמערן.

לאָמיר דעם ענין איבערלאָזן צו די צוקונפטיקע היסטאָריקער און אין דער זעלבער צייט האָפן, אַז גאָטס וועלט וועט זיך קיין מאָל ניט ענדערן און זיך אפשר פאַרבעסערן. סוף־כל־סוף, וועלן מוזן מקוים ווערן די רייד פון אונדזערע נביאים : „לא ישא גוי אל גוי חרב״ (איין פאָלק וועט ניט אויפ־הייבן די שווערד קעגן אַ צווייטן). דער אידעאַל פון די נביאים איז געווען : אויפבוי, ניט צעשטערונג ; שלום, ניט מלחמה ; דעריבער דאַרף מען גלייבן, אַז דאָס צו וואָס זיי האָבן געשטרעבט, איז אייביק ; מ׳דאַרף זוכן וועגן און מיטלען, אַז זייערע אידעאַלן זאָלן פאַרווירקלעכט ווערן.

לענדער און רעגירונגען שליסן אָפּמאַכן ; ס׳נעמט אָבער ניט לאַנג צו געפינען תירוצים פאַרן צעברעכן די פאַרפליכטונגען וואָס מ׳האָט גענומען אויף זיך. באַזונדערס גילט דאָס וואָס אַמבאַלאַנגט די דיקטאַטאָרס (סטאַלין־היטלער־אָפּמאַך, ווי אַ ביישפּיל). דער מענטש ברענגט אַליין קאַטאַסטראָפעס אויף זיך.

די ערשטע וועלט־מלחמה (1914־1918) האָט אָפּגעשלאָסן די גאָלדענע עפּאָכע פון די אייראָפּעאישע מדינות דערפירנדיק צו אַ נאָך גרעסערער טראַ־געדיע. אינעם צווייטן וועלט־קריג האָט מען מאַרשירט מיטן זעלבן אימפּעט ווי אינעם ערשטן.

ווען די וועלט איז געגאַנגען פאָראויס און ס׳האָט זיך אַנטוויקלט די מענטשלעכע ציוויליזאַציע, איז אויפגעקומען אַ סיסטעם פון הערשאַפט פון פאַרשידענע מינים : דעספּאָטיזם, דיקטאַטור, מאָנאַרכיע, קיסרים, פּרינצן, קניאַזן, וואָס האָבן איבערגעגעבן די ווייטערדיקע דורות די ירושה פון גע־וועלטיקן און הערשן. נאָך דעם האָט די מענטשהייט אַ שפּרונג געטאָן צו מער דעמאָקראַטישע פאָרמען. עס האָט זיך געשאַפן אַ נעץ פון פאַרשידענע ריכ־טונגען און פאַרטייען : קאַפּיטאַליסטן, סאָציאַל־דעמאָקראַטן, סאָציאַל־רעוואָלו־

ציאָנערן; שפּעטער־צו קאָמוניסטן, פאַשיסטן, קאָנסערוואַטאָרן, דעמאָקראַטן, ליבעראַלן, אַרבעטער גרופּן, נאַציאָנאַלע באַוועגונגען א. אַ.

די אַלע פּאַרטייען און וועלט־אַנשויאונגען פירן אַ שטענדיקן קאַמף צווישן זיך, צו פאַרכאַפּן די מאַכט.

די פאַרשטייער פון די דערמאָנטע פילאָסאָפיעס פאַרן אָנפיר פון דער וועלט, גלייבן, אַז ווען מען זאָל נאָר אָנגעמען זייערע אידייען, וועט די וועלט און די מענטשהייט גערעטעוועט ווערן און לעבן אין אַ גן־עדן התחתון. ס'איז אמת, אַז עס קומען פאָר איבערקערענישן אין דער וועלט, מיט נייע דרפיג־דונגען; אָבער צום באַדויערן, ברענגען מיט זיך די פאַרשידענע דערפינדונגען אַ סכנה: צעשטערונג. לויפן אין די הימלען פאַר אויספאָרש־צוועקן איז זייער אינטערעסאַנט; אָבער אַרונטערוואַרפן באָמבעס און פאַרניכטן דאָס, וואָס מען האָט אויפגעבויט און דערגרייכט, קען אומברענגען סיי די מענטשהייט, סיי די ציוויליזאַציע.

מען האָט אַמאָל געפרעגט דעם רוסישן צאַר, פּיאָטר וועליקי (פּיאָטר דעם גרויסן), צוליב וואָס ער פירט מלחמות. רוסלאַנד איז דעמאָלט, ווי אויך איצט, געווען גרויס, האָט פאַרמאָגט גענוג לאַנד פאַר איר אייגענער אַנטוויקלונג און האָט זיך ניט געניטיקט אין פאַרכאַפּן מער טעריטאָריע פון די אַרומיקע שכנים און פירן שלאַכטן. האָט ער געענטפערט „אַז מענטשן ווערן געבוירן, אָבער ניט קיין ערד". מעגלעך, אַז דאָס איז געווען אַ קלוגער ענטפער. אייראָפּע, דאָס וויגעלע פון קולטור פאַר עטלעכע הונדערט יאָר; און אַמעריקע, מיט איר טעכנאָלאָגישן פאָרשריט, שאַפנדיקן כוח און הויכן לעבנס־שטייגער, האָבן נאָך אַלץ ניט באַוויזן אַרויסצוגעבן פון זיך די גאָר גרויסע פירערס, וועל־כע זאָלן קענען שטיין ביים רודער פון דער שאָקלדיקער וועלט־פּאָליטיק און דערפירן די מענטשהייט צו אַ לאַנג־דויערנדיקן פרידן.

דורך פּרעזידענט דזשאָן פ. קענעדיס פריצייטיקן טויט, איז אַוועקגעריסן געוואָרן אַ מענטש מיט אַ ווייטן קוק — מיט אַן אָנשויאונג, וואָס וואָלט געווען געפירט צו גרויסקייט אויף דער וועלט־אַרענאַ. אידעאָלאָגיעס, וואָס זיינען דורכן מענטשלעכן געדאַנק, געשאַפן געוואָרן — ווי אויך דער אַלגעמיינער סאָציאַלער און אינדוסטריעלער פּאַרנעם, וואָס מיר זעען — האָבן ווירקלעך באַוויזן וואונדערלעכע אייגנשאַפטן. אָבער, ווי עס ווייזט אויס, איז שווער צו געפינען אַ מיטל, צו פאַרמיידן מלחמות און שאַפן איינשטימיקייט און אייני־קייט צווישן פעלקער, פאַרן אויסגוץ פון די אַלע וואונדער, פאַרן גליק פון דער מענטשהייט.

מיר האָבן אָנגעוויזן אויפן אויבנדערמאָנטן, דערפאַר, ווייל מיר האָבן דורכגעלעבט דעם גרויל פון דער ערשטער וועלט־מלחמה; דעם פּחד פון — ווי די מורא פאַר — פּאָגראָמען, שחיטות, דעם אומקום פון אַ גרויסע צאָל מענטשן; די חורבות פון שטעט, שטעטלעך און דערפער, פון וועלכע מיליאָ־נען מענטשן זיינען אַרויסגעריסן און אומשולדיק אומגעבראַכט געוואָרן — אָן דער דערגרייכונג פון קיין שום ציל. פאַרקערט, ס'איז נאָר געווען אַ פאַרשפּיל

פאַר די ווייטערדיקע טראַגעדיעס, וואָס זיינען באַפאַלן די זעלבע — און אַנ־דערע — פעלקער אין די שפּעטערדיקע יאָרן.

און איצט — צוריק צום איבערבליק איבער דעם, וואָס ס׳איז ווייטער פאָרגעקומען מיט הוסיאַטין — אַ גאַנג, וואָס שפּיגלט אָפּ, איינצייטיק, אויך אַנדערע ישובים. כמעט אין דער זעלבער מאָס און פאָרעם.

ווי שוין אָנגעוויזן אין פריערדיקע טיילן פון אונדזער אַנאַליז, האָט די רוסישע אַרמיי אָנגעהויבן — זומער, 1915 — צוריקצוטרעטן פון גאַליצישן פראָנט. די רוסישע גענעראַלן — און דער צאַרישער הויף — דערפילנדיק, אַז די מפּלה דערנענטערט זיך, האָבן טיילווייז איבערגעגעבן די קאָמאַנדע פונעם לאַנגן פראָנט צום צאַרס פעטער, ניקאָליי ניקאָלייעוויטש. אָבער ער האָט ניט געקענט ראַטעווען פון נאָענטן אונטערגאַנג דאָס רוסישע קעניגרייך, וואָס איז געווען דורכגעפוילט מיט ווילדער, דריי־הונדערט־יאָריקער דיק־טאַטור.

ער האָט געזוכט — און געפונען — אַ שולדיקן אינעם קריג־דורכפאַל: ניט, חלילה, צווישן זיינע אייגענע, וואָס זיינען געשטאַנען אין שפּיץ פונעם קריג, נאָר צווישן די אידן, וואָס האָבן געוואוינט ביי די פראָנט־גרענעצן.

מ׳האָט אויסגענוצט די אַלטע בלבולים:

... אַז אידן העלפן די דייטשע און עסטרייכישע אַרמייען, דורך איבער־געבן סודות, וואו ס׳געפינט זיך דאָס רוסישע מיליטער; און בכלל ...

... אַז אידן זיינען די שונאים פון רוסלאַנד, וואָס ברענגען אַלע צרות אויף דער רוסישער אַרמיי (וואָס צוליב דעם זיינען די גובערנאַטאָרן פון פּאָ־דאָליער, וואָלינער און קיעווער גובערניעס פאַראָרדנט געוואָרן, דורכן גע־נעראַל־שטאַב — אין יולי, 1915 — אַרויסצוטרייבן די אידישע באַפעלקערונג פון די גרענעצן, אין משך פון דריי טעג). דער באַפעל האָט געלויטעט, אַז אויב די אידן וועלן פרייוויליק אַליין זיך ניט אַרויסציען, זאָלן זיי פאַרפאַקט ווערן אין מיליטערישע וואַגאָנען און פאַרשיקט ווערן — „עטאַפּנאָם פּאָריאַדקאָם" — קיין סיביר.

וועגן די אידן אויף דער אַנדערער זייט גרענעץ, האָט דער באַפעל גע־לויטעט, אַז זיי זאָלן אַלע אַרעסטירט ווערן און פאַרטריבן ווערן אין ווילדע־נישן פון די קאַלטע רוסישע סיביר־סטעפּעס.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דאָס איז געווען אַ פּראָוואָקאַציע און אויך דער אָנהייב פונעם סוף, מיט פופציק יאָר צוריק, פון אונדזער אַלטער היים.

אויף אַ קליינעם צעטל — אויפגעקלעפּט דורכן פּאָליציייסקן נאַדזיראַטעל — איז געמאָלדן געוואָרן דער מיליטערישער באַפעל. דער נאַדזיראַטעל האָט גערופן צו זיך אייניקע בעלי־בתים און זיי געוואָרנט, אַז די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג, אָן אויסנאַם — אַלטע לייט, קליינע קינדער, אַפילו קראַנקע — מוזן אַרויספאָרן, אין משך פון דריי טעג, וואוהין די אויגן וועלן טראָגן, בכדי אויסצומיידן אַרעסטן און אַריינפאַלן אין מיליטערישע הענט, פאַר ווייטערדי־

קער דעפּאָרטאַציע. די מעלדונג האָט אויך דערקלערט, אַז מען מעג מיטנעמען אַלץ, וואָס מ׳קען נאָר אַוועקפירן.

באַלד איז אויפגעקומען די פראַגע — טראַנספּאָרטאַציע. אונדזער באַפעל־קערונג האָט געהאַט זייער ווייניק פערד און וועגענער; קיין אייזנבאַן אָדער אַנדערע פאַרקער־מיטלען.

די צווייטע פראַגע איז געווען — וואוהין צו פאָרן, אויב מ׳זאָל שוין קריגן מיט וואָס זיך צו באַוועגן; אויך ווען ס׳זאָל אויסגעקליבן ווערן אַ ווייטערדיקע שטאָט, אָדער שטעטל, האָט זיך געשטעלט די פראַגע: וואָס זאָל מען מיט זיך מיטנעמען? וועגן נעמען מיט זיך מעבל איז שוין געווען אָפּגערעדט.

ווי דער רעזולטאַט פונעם גירוש, איז פאַרכאַפּט געוואָרן די גאַנצע גרע־נעץ־ליניע, פון ביידע זייטן וואַסער. אַ גאַנצע ריי שטעטלעך זיינען געווען באַזעצט מיט אידן זייט עטלעכע הונדערט יאָר.

פאַרגעסנדיק אָן צרות רבים, האָט יעדער געטראַכט, ווי אַזוי אַרויסצו־ראַטעווען זיין משפחה. ס׳איז געוואָרן אַ געיעג צו דער אַרומיקער קריסטלע־כער באַפעלקערונג, צו געפינען גוטע גוים — פון לאַנגיאָריקער באַקאַנט־שאַפט — מיט פערד און וועגענער, אַז זיי זאָלן העלפן אונדז ראַטעווען, דורך אַרויספירן די פאַמיליעס וואו נאָר מעגלעך, ווי אויך העלפן מיטנעמען עטוואָס פונעם אָרעמען פאַרמעגן.

די גויים האָבן צו זייערע אידישע שכנים קיין באַזונדערע שנאה ניט געהאַט. טייל גויים זיינען געריכט געוואָרן פונעם אַרויסטרייב פון אידן פון זייערע פאַרוואָרצלטע ערטער, ניט פאַרשטייענדיק די סיבה דערפון; ביי אַנ־דערע גוים האָט זיך מעגלעך אַריינגעגנבעט אַ געדאַנק — אַז דער אַרויסטרייב איז אַ גוטע זאַך; אַז זיי, די גוים וועלן, מיט דער צייט, קענען אַרויסנעמען פון די פאַרלאָזטע הייזער, מעבל און אַנדער פאַרמעגן, ווי אויך באַזיץ פון די קראָמען — אָט דאָס, וואָס אידן האָבן מיט זיך ניט געקענט מיטנעמען.

אייניקע גויים האָבן מעגלעך געוואָלט העלפן; אויך פאַרדינען פאַרן אַרויס־פיר פון אַ פאַמיליע, אָדער צוויי. האָבן זיי אָבער מורא געהאַט אַז דאָס מילי־טער — וואָס האָט זיך געהאַט באַוועגט אויף אַלע וועגן — זאָל ניט צונעמען די פערד פאַר איר אייגענעם נוץ.

דעם ערשטן טאָג פון דער שרעקלעכער בשורה זיינען אַלע געווען צע־מישט, פאַרצווייפלט; זיי האָבן ניט געקענט באַגרייפן, אויף וואָסער וועלט — און אין וואָסער לאַגע — זיי געפינען זיך. די צייט האָט זיך געריקט שנעל; מ׳האָט באַדאַרפט געפינען מיטלען, ווי אַזוי צו פאַרלאָזן די היים און גיין פון אַ לאַנג־איינגעזעסענעם גלות צו אַ נייעם, ווייטערדיקן וועג אין לעבן — כמעט אָן וועלכע ס׳איז מאַטעריעלע מיטלען.

די אויסזיכטן פאַר דער נאָענטער צוקונפט זיינען געווען האָפענונגסלאָז. די אידישע באַפעלקערונג — איינשליסנדיק די איינוואוינער פון די אַרומיקע ישובים, וואָס זיינען ניט באַדראָט געוואָרן פונעם גירוש — זיינען געווען קליינע גבירים. דער גרעסטער טייל פון זיי האָט געוואוינט — מיט זייערע פרויען

און קינדער — אין ענגע דירות. ווי דער רעזולטאַט פון די מלחמה־געשעענישן, האָבן אויך זיי זיך געפונען אין אַ שלעכטער לאַגע. נאָכמער: זיי האָבן געלעבט אין פּחד פאַר דער רוסישער מאַכט, באַזונדערס פאַר די סאָלדאַטן, וואָס האָבן אָן אויפהער, מאַרשירט צו די שלאַכטפעלדער.

ס׳גאַנצע אוקראַינישע אידנטום, וואָס האָט דעמאָלט באַטראָפן אַן ערך דריי מיליאָן נפשות, איז דערציטערט געוואָרן פון דער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט געהאַט אַרומגעכאַפּט די אידן אַרום דער מלחמה־אָפּעראַציע. יעדער האָט פאַרשטאַנען, אַז די גאַנצע געשיכטע פון אידישן שפּיאָנאַזש איז נאַר געווען אַ רעגירונגס־מיטל, צו פאַרדעקן זייערע פראָנט־פאַרלוסטן און במילא אויפ־רייצן די אוקראַאינישע באַפעלקערונג קעגן די אומבאַשיצטע אידן אין אוקראַאינע.

קאַמענעץ־פּאָדאָליער אידישע פאָרשטייערס האָבן אינטערווענירט מיטן פּאָדאָליער וויצע־גובערנאַטאָר, גראַף פּאָן לאסדאָרף, אין שייכות מיטן גירוש — אָבער אָן דערפאָלג. ס׳האָט זיך שפּעטער־צו — ביים אָנהייב פון דער רו־סישער רעוואָלוציע — אַרויסגעוויזן, אַז אָט דער וויצע־גובערנאַטאָר האָט אָפּ־געשטאַמט פון דייטשן און איז אַליין געווען אַ שפּיאָן פאַר דער דייטשער און עסטרייכישער „קאָנטער ראַזוועדקע״. ס׳איז געווען אין זיינע אינטערעסן צו שאַפן וואָס מער אַנאַרכיע און כאַאָס אין לאַנד און דערמיט העלפן, אַז די דייטשע אַרמייען זאָלן אַרויס זיגרייך איבער די רוסישע חילות.

די קיעווער אידישע געמיינדע האָט זיך געווענדט צום דערמאָנטן ניקאָליי ניקאָלייעוויטש, הויפּט־קאָמאַנדיר פונעם גענעראַל־שטאַב, מיט דער בקשה, בטל צו מאַכן די גזירה; קיין ווירקונג האָט אָבער די אינטערווענץ ניט געהאַט. אַזוי אַרום האָט זיך געשאַפן אַ טראַגישער סימבאָל פון אַ גירוש־דראַמע — ווי די אין שפּאַניע, אין 15טן יאָרהונדערט. אויף אַלע וועגן און שליאַכן פון די אוקראַאינישע פעלדער האָט זיך געשלעפּט עם־ישראל — צום גרעסטן טייל, צו פוס, מיט קינדער אויף די הענט; מיטגעגאַנגען זיינען אויך אַלטע און קראַנקע. מ׳איז געגאַנגען אָן אַ צוועק און אָן אַ ציל; קיין וועגווייזערס, צו פירן די מענטשן זיינען ניט געווען.

אינטערעסאַנט איז צו דערמאָנען, אַז בעתן פּאַניק און געלאָף פון הוסיאַ־טין, האָט זיך — צווישן די גייערס — געפינען, צווישן אַנדערע, קלמן יאַנקל אַלטערס, וועמעסביידע פיס זיינען אָפּגעשניטן געוואָרן, ווי דער רעזולטאַט פון אַ צוקער־קראַנקייט. ער האָט געטראָגן דעם פאָטער זיינעם אויף די פּלייצעס — פון הוסיאַטין קיין טשעמעראָוויץ, אַן ערך צוועלף וויאָרסט. דער על־טערער זון, אבא, וואָס איז רעקרוטירט געוואָרן ביים אָנהייב קריג, האָט זיך איינצייטיק געפונען אינעם זיבן און פערציקסטן פּעכאָטנע פּאָלק, אַלס אַ סאָלדאַט, וואָס האָט געקעמפט פאַרן צאַר און פאָטערלאַנד.

אין דערזעלבער לאַגע ווי אונדזערס זיינען געווען די שטעטלעך זבריזש; סאַטאַנאָוו, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ גרעסערן אידישן ישוב; אַ גאַנצע ריי שטעט און שטעטלעך, ווי זוואַניץ; אויך די דערפער אַרום קאַמענעץ, וואָס זיינען געלעגן נאָענט צו קאַמענעץ־פּאָדאָלסק.

דערוויסנדיק זיך וועגן די אויסערגעוויינטלעכע טראַגישע געשעענישן, האָבן אידן פון די ווייטערדיקע מקומות צוגעשיקט ווערגענער און פערד אַרויס־צו ברענגען די צום־גלות־פאַראורטיילטע באַפעלקערונג. באַזונדערס האָט זיך אויסגעצייכנט סמאטריטש. נאָך דעם, ווי מען האָט דער דאָרטיקער אידישער קהילה געמאָלדן — דורך אַ טעלעפאָן־געשפּרעך — וועגן דער לאַגע, האָט זי אָרגאַניזירט אַ רעטונגס־קאָמיטעט, מאָביליזירנדיק הילף צווישן פיל גוים, פון דער אַרומיקער געגנט, וואָס זיינען געקומען קיין הוסיאַטין נאָך די פּאָ־מיליעס. די קהילה האָט אויך צייטווייליק איינגעאָרדנט די אָנגעקומענע. פיל פון דאָרטיקע אידן האָבן געעפנט די טירן פאַר די פליטים און באַזאָרגט באַדערפטיקע מיט שפּייז. אַנדערע שטעטלעך — ווי זוניקיוו, פּראַמפּאָל, קיפּין, דיניוויץ — האָבן זיך באַטייליקט אין דער רעטונגס־אַרבעט. ס'האָט זיך אין זיי דערוועקט די מידה טובה פון „פּדיון שבויים", — לייסטן הילף. ווען ניט אָט די הילף, וואָלטן פיל פון אונדז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער מילי־טערישער קאָמאַנדע און וואָלטן אַפילו ניט דערגרייכט דעם ווייטן קאַלטן סיביר.

איינצייטיק, איז כדאי צו דערמאָנען די גאַליציאַנער אידן, וואָס זיינען אַרעסטירט געוואָרן און געפירט געוואָרן, ווי די גרעסטע פאַרברעכער, קיין רוסלאַנד.

הוסיאַטינער און פאָדוואָלאָטשיסקער (פון דער גאַליציאַנער זייט) זיינען געפירט געוואָרן, דורך פּראָסקוראָוו, טיפער אין לאַנד. פּראָסקוראָוו האָט פאַר־מאָגט אַ גרויסע אידישע קהילה, וואָס האָט געהאַט אַרויסגעוויזן צו די פליטים ברידערלעכע איבערגעגעבנהייט.

דער ביטערער גורל, וואָס האָט געהאַט געטראָפן אונדזער פאָלק, האָט אויך דערגרייכט דער גרויסער אידישער פאַרשטייער־שאַפט אין דער דעמאָלטיקער רוסישער הויפּט־שטאָט פּעטראָגראַד (איצט לענינגראַד). אונטערן פאָרזיץ פון באַראָן ד. גינצבורג, האָט זיך געגרינדעט אַ „יעווריעיסקי וואָסראַסיסקי בעז־זשענסקי קאָמיטעט" (אלרוסישער אידישער פליטים־קאָמיטעט), מיטן אָנטייל אויך פון קריסטן (איינשליסנדיק די גרעסטע אַדוואָקאַטן, ווי גרוזענבערג, סליאָזבערג, גאָלדשטיין, מאַקלאַקאָוו, ראַדיטשעוו, טשערנאָוו, מיליקאָוו א.אַ.). די דאָזיקע — וואָס האָבן אַלע מאָל געקעמפט אין די רוסישע געריכטן, באַ־זונדערס אין סענאַט, פאַר אידישע רעכט — האָבן באַוויזן אָפּצושטעלן דעם ווייטערדיקן טרייב פון די אידישע מאַסן. זיי האָבן געווירקט ביי די העכערע רעגירונגס־אינסטאַנצן — ווי אויך דורכן סענאַט — אַז ס'זאָל אויסגעפאָרשט ווערן די אומגעזעצלעכקייט פונעם גאַנצן ענין; איינצייטיק האָבן זיי פון דער רעגירונג געקראָגן געלט־סומעס, אויף הילף פאַר די אַרויסגעטריבענע.

דורך גענעראַל איוואַנאָוו, הויפּט־קאָמאַנדיר פונעם דרום־פראָנט, איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אַ צווייטער באַפעל צו די אוקראַינע־גובערנאַטאָרן, אַז זיי זאָלן ווייטער טרייבן די רוסישע אידן וואָס האָבן זיך געהאַט באַזעצט אין די אויבנדערמאָנטע שטעטלעך, ווי אויך אין אַנדערע ערטער אין דער או־

קראַינע. דעם נייעם באַפעל האָט ער מאָטיווירט אויפן סמך דערפון, וואָס מחמת דעם, וואָס די אַרויסגעטריבענע אידן פאַרמאָגן גאָרניט און זיינען אַלע אָרעמעלייט, וועלן זיי דעריבער פאַלן צו־לאַסט דער דאָרטיקער באַפעלקערונג, וואָס וועט זיי דאַרפן אויסהאַלטן מיט שפייז, קליידער און וואוינונגען.

גענעראַל איוואַנאָוו האָט, אַפנים, פאַרגעסן, אַז ער האָט געהאַט געהאָלפן ניקאָליי ניקאָלייעוויטשן, הויפּט־קאָמאַנדיר, אין קיעוו, דורכצופירן דעם גירוש, דערפירנדיק דעריבער צו דער פאַראָרעמונג פון די אַרויסגעטריבענע און ער איז, נעבעך, געוואָרן אַ בעל יושר, זאָרגנדיק זיך פאַר די אַנדערע אידישע קהילות, אַז זיי זאָלן ניט דאַרפן העלפן זייערע אָנגעקומענע ברידער. אָבער דאָס מאָל איז דעם גענעראַל־שטאַב שוין ניט געראָטן דאָס טראַגישע שפּיל; דער ענערגישער פּעטערבורגער קאָמיטעט האָט דערצו ניט דערלאָזט און אַלע אַרויסגעיאָגטע זיינען געבליבן אויף די פּלעצער, וואו זיי האָבן זיך באַזעצט און געזוכט וועגן און מיטלען, ווי אַזוי זיך איינצואָרדענען און אָנהייבן אַ לעבן פון דאָס ניי.

קען מען זיך פאָרשטעלן, וואָסער לעבן ס׳איז געווען. ווי־ניט־איז, האָט יעדער פאַרמאָגט אין הוסיאַטין, אַ הויז פאַר זיך — גרעסער צי קלענער, אָבער איינגעאָרדנט מיט אַלעם נייטיקן, דורותלאַנג, אַרומגערינגלט מיט אייגענער משפחה.

טיף פאַרצווייפלט, איז מען געוואָרן אָפּגעריסן איינס פון צווייטן, פאַר־טריבן פון דער אייגענער היים. פיל פון אונדז האָבן פאָרגעזעצט די אינער־לעכע איבערוואַנדערונג, אַריבערציענדיק זיך אין ווייטערע שטעט און שטעטלעך, כדי צו פאַרגרינגערן די ענגשאַפט אין די ערשטע ערטער, וואו מ׳האָט זיך געהאַט באַזעצט.

שווער איז געווען צו געפינען אַ מקום־מנוחה; די צוקונפט האָט אויסגע־זען גאָר טראַגיש; די מאַטעריעלע לאַגע איז געוואָרן ערגער פון טאָג צו טאָג. אָבער דער ווילן — ווי די אמונה אין דער השגחה, אַז גאָט וועט ניט פאַרלאָזן — האָט געשטאַרקט סיי דעם מענטשלעכן גייסט, סיי דעם גוף, פאַרן קאַמף פאַר דער ווייטערדיקער עקזיסטענץ.

פאַרשידענע מעלדונגען האָבן זיך צעשפּרייט, אַז מיט דער רוסישער אַר־מייס צוריקטריט, דורך הוסיאַטין, זיינען פיל הייזער חרוב געוואָרן; די פונ־דאַמענטן פון די וואוינונגען — באַשעדיקט און אַרויסגעריסן דורך דער שווע־רער אַרטילעריע. אין צוגאָב, האָט די קריסטלעכע באַפעלקערונג — פון די אַרומיקע דערפער — זיך געלאָזט וואוילגיין, דורך אַוועקרויבן אַלץ וואָס איז געווען נוצלעך.

נאָך דער רוסישער מפּלה, אויף אַלע פראָנטן, איז די העכערע קאָמאַנדע געביטן געוואָרן. ניקאָליי ניקאָלייעוויטש האָט פאַרלאָזן דעם גענעראַל־שטאַב. אויף זיין אָרט איז באַשטימט געוואָרן גענעראַל אַלעקסיי בראַסילאָוו, אַ מער ליבעראַלער מענטש, וואָס האָט באַגריפן, אַז די אידישע באַפעלקערונג האָט זיך ניט געהאַט באַטייליקט אין שפּיאָנאַזש־טעטיקייטן און אַז דער רוסישער

אַרמייס בלוטיקער דורכפּאַל איז געקומען פון דער צעפּוילטער, קאַרופּטער צאַ־רישער הערשאַפט. דורכגעדרונגען מיט נאַציאָנאַלע געפילן, האָט די רוסישע באַפעלקערונג העלדיש געקעמפט פאַרן פאָטערלאַנד.

אָבער מיט אַ ליידיקן מאָגן, מיט צעריסענע מונדירן און שטיוול, מיט אַ רואינירטער קאָמוניקאַציע, קען מען קיין מלחמה ניט פירן. ניט קוקנדיק דערויף, האָט גענעראַל בראָסילאָוו — אין יוני, 1916 — באַוויזן צו אָרגאַניזירן אַ טייל פון דער צעשלאָגענער אַרמיי און זיך אַ שטופּ־טאָן צוריק צו דער אָפענסיווע, צוריקשטויסנדיק די עסטרייך־דייטשע אַרמייען אויף פאַרשיידענע טיילן פון צעשפּרייטן פראָנט; לאַנג אָבער האָט עס ניט אָנגעהאַלטן. די גראַנ־דיעזע מיליאָניקע אַרמיי איז זיך צעפאַלן און ווידער צוריקגעטראָטן טיפער אין אייגן לאַנד. אין פאַרלויף פון דער צייט, האָט שוין דער אָנגעזעענער גע־נעראַל בראָסילאָוו אויף פאַראַרדנט — דורך אַ מיליטערישן, ווי דורך אַ ציווילן באַפעל — אָפּצושאַפן דעם פריערדיקן פאַרבאָט און בטל מאַכן דעם גירוש. ער האָט אויך באַפוילן, אַז מ׳זאָל מעלדן די אַרויסגעטריבענע אידן, אַז זיי קענען זיך צוריקקערן צו זייערע אַלטע היימען. וואָס איז נוגע דעם באַשלוס, האָט די קאַמענעץ־פּאָדאָליער קהילה זיך געווענדט טעלעגראַפיש צום קיעווער גענעראַל־שטאַב און בראָסילאָוו האָט פערזענלעך געלאָזט וויסן די גובערנאַ־טאָרן פון פּאָדאָליער, וואָלינער און קיעווער גובערניעס וועגן דעם.

ניטאָ קיין פּינקטלעכער ציפער, וואָס אַמבאַלאַנגט די צאָל אַרויסגע־טריבענע אידן וואָס האָט זיך אומגעקערט צוריק צו הוסיאַטין; אָבער לויט ווי מען דערמאָנט זיך, האָט מעגלעך צען אָדער פופצן פּראָצענט פון דער פריערדיקער באַפעלקערונג זיך באַזעצט אין דער אַלטער היים; פיל האָבן זיך איינגעגלידערט, געפינענדיק אַ היים אין די נייע ערטער און אַ מעגלעכקייט זיך איינצואָרדענען. מ׳דאַרף געדענקען, אַז די מערסטע וואוינונגען זיינען פאַר־ניכטעט געוואָרן; דאָס ביסל וואָס מ׳האָט געקענט דערקענען, איז געשטאַנען ווי אַ זכר לחורבן.

די, וואָס האָבן דאָרט געוואוינט, האָבן אויסגעזען ווי פאַרלוירענע אויף אַ פאַרוואָרפן אינדזל. איניקע האָבן זיך אַריינגעצויגן אין קעלערס. די שויבן זיינען געווען אויסגעקלאַפּט, די אויוונס צעבראָכן, ס׳וואַסער האָט גערונען דורך די צעבראָכענע דעכער; וועגן פאַרריכטן אָדער צוריק עפּעס אויפבויען, האָט מען ניט געקענט טראַכטן. מאַטעריאַלן זיינען ניט געווען צום קויפן און אַפילו ווען מ׳האָט יאָ עפּעס געקראָגן, איז ניט געווען מיט וואָס צו באַצאָלן. דעריבער האָט מען בלויז געטראַכט, וואָס צו טאָן מיט דער פרייער צייט און געהאָפט אויף אַ בעסערן מאָרגן.

מיר ווען דערוויל איבעררייסן דאָס איבערגעבן וועגן אונדזערע אייגענע געשעענישן און אַ בליק־טאָן אויף דער וועלט־לאַגע בכלל, ווי אויף דער סיטו־אַציע אין רוסלאַנד בפרט.

דער קריג אויף אַלע פראָנטן איז געוואָרן אַקטועלער. די זיגערס האָבן געמיינט, אַז זיי האַלטן ביים פאַרטיליקן דעם שונא. איינצייטיק איז די אומ־

רואיקייט — ביים מיליטער, ווי ביי דער באַפעלקערונג, אין יעדן לאַנד — געוואַקסן. די צאָל אומגעקומענע איז געווען אַ קאָלאָסאַלע. אין צוגאָב צו די געפאַנגענע אויף די שלאַכטפעלדער, זיינען אין דער מלחמה פאַרוואונדעטע געוואָרן מיליאָנען זעלנער. די שפיטאָלן זיינען געווען איבערגעפּאַקט מיט זיי; דערצו, זיינען מאַסן פאַרוואונדעטע געלעגן אויפן באָדן, אויף די פעלדער, פיל אָן וועלכער ס'איז מעדיצינישער באַהאַנדלונג. העלפט פון די שטעט און דערפער זיינען חרוב געוואָרן.

אין די גרויסע שטעט איז גאָר שווער געווען צו באַקומען שפייז, באַהייצונג, באַלייכטונג, שוין אָפּגערעדט פון מעדיצינישער הילף. אין צוגאָב צו דער גרויסער צאָל אומגעקומענע, האָט דער קריג מיט זיך געבראַכט ברייט־פאַר־נעמיקן חורבן, וואָס די באַפעלקערונג האָט שטאַרק געפילט.

אין רוסלאַנד, האָבן זיך פאַרשפרייט פאַרשיידענע פאַטאַלע קראַנקייטן — צום גרעסטן טייל שווינדזוכט, טיפוס, א.אַ.וו. שטאַרק אָפּגעשוואַכט, האָבן פיל פון די קראַנקע ניט געהאַט דעם נייטיקן ווידערשטאַנד, צו באַקעמפן די חולאתן.

ס'האָבן אויסגעבראָכן קליינע פאָלקס־אויפשטאַנדן קעגן דער אָנפירנדיקער מאַכט, וואָס האָט, נאָכן פאַרלאָרענעם קריג, זיך אָנגעהויבן צו וואַקלען. אין צאַרסקאָיע סיעלאָ (צאַרישן דאָרף) — לעבן פּעטראָגראַד — זיינען דער צאַר און זיין גאַנצע סוויטע אַרומגערינגלט געוואָרן פון די אויפשטענדלער, דער־צאָרנט, וואָס דער הייליקער צאַר האָט געהאַט דערפירט ס'לאַנד צום שרעק־לעכן אָפּגרונט. אויך די רוסישע רעוואָלוציאָנערן האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין קאַמף קעגן דער מאַכט — זיך געגרייט אַראָפּצוואַרפן דעם יאָך פון דער ווילדער הערשאַפט און באַפרייען ס'פאָלק און לאַנד.

אָנהייב 1917, האָט אויסגעבראָכן די ערשטע גרויסע פאָלקס־דעמאָנסטראַ־ציע — אויף די פּעטראָגראַדער גאַסן. זי האָט געטראָגן אַ פּאַטריאָטישן כאַ־ראַקטער; אָבער איר באַטייט איז קלאָר געוואָרן פון דער אויפשריפט אויף די פאָנען, וואָס די דעמאָנסטראַנטן האָבן געטראָגן: „דאַיטיע נאַם כליעבאַ״! (גיט אונדז ברויט). מיטן פאַרציען זיך פונעם קריג, האָט קיינער ניט געוואוסט, וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען.

די צאַרישע מאַכט האָט נאָך באַוויזן אַרויסצושיקן קאָזאַקן־אָפּטיילונגען אויף די גאַסן, צו צעטרייבן די אָנפירער פון די דעמאָנסטראַציעס, פיל פון וועלכע זיינען געפאַלן טויט אין די גאַסן. דאָס האָט נאָך מער דערצאָרנט ס'פאָלק און ענלעכע דעמאָנסטראַציעס זיינען פאָרגעקומען אין מאָסקווע כאַר־קאָוו, קיִעוו, אָדעס און אַנדערע קלענערע שטעט — אויף דער גאַנצער לענג און ברייט פון רוסלאַנד. די כוואַליע פון אויפשטאַנד האָט אַרויסגערוקט רע־וואָלוציאָנערע פירער אין פאָדערגרונט. דעם 8טן מערץ 1917, האָט אויסגע־בראָכן די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע, געפירט פון אַן אויספיר־קאָמיטעט פון סאָציאַל־דעמאָקראַטישע און סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע דעפּוטאַטן פון דער דריטער קייזערלעכער דומע (פאַרלאַמענט), מיט אַלעקסאַנדער קערענסקי אין

דער שפּיץ — און מיטן אָנטייל פון ראַדיטשעוו, מיליקאָוו, טשעכיזע, גאָנטשאַראָוו, ציטרונילעוו א.אַ.

ס׳האָט זיך געגרינדעט אַ צייטווייליקע רעגירונג, אײנשליסנדיק די פּײנסטע און נאָבלסטע פונעם רוסישן פאָלק, וואָס האָט זיך באַמיט צו אָרגאַניזירן אַ דעמאָקראַטישע מדינה וואָס זאָל דערמעגלעכן ס׳פאָלק — איינשליסנדיק די מינדערהייטן — צו דערוויילן אַ פּאַרלאַמענט אויף יסודות פון געזעץ און סאָציאַלער גערעכטיקייט.

קערענסקי איז, אַלס קריגס־מיניסטער, געלאָפן פון איין פראָנט צום צווייטן; געהאַלטן נאַציאָנאַלע און פּאַטריאָטישע רעדעס, אָנצוהאַלטן דעם קריג קעגן די דייטשן און דערמיט אָפּשוואַכן דעם דרוק קעגן די מערב־מלוכות (ווי פראַנקרייך און ענגלאַנד), קעגן וועלכע דייטשלאַנד האָט געהאַט געוואָרפן אירע שטאַרקע מיליטערישע כוחות; אָבער דאָס האָט ניט געהאָלפן. די רוסישע אַרמיי איז זיך צעפאַלן ווי אַ קאָרטן־שטיבל און האָט פאַרלאָזן די פאַרנומענע פּאָזיציעס. ס׳האָט זיך געשאַפן אַן אַנאַרכיע; די סאָלדאַטן זיינען זיך צעלאָפן דורך אַלע וועגן, באַמיענדיק זיך צו דערגרייכן זייערע היימען און פאַרגעסן אין דער מלחמה. אַ גרויסער טייל האָט מיט זיך מיטגענומען די ביקסן, וואָס האָבן נאָך געטויגט, זיך אַ לאָז־געטאָן איבער די שטעט, שטעטלעך און דערפער און גערויבט די באַפעלקערונג — צו ערשט פאַר ברויט; נאָך דעם, וואָס נאָר מ׳האָט געקענט אַוועקנעמען מיט גוואַלד.

די אידן אין אוקראַינע האָבן דורכגעלעבט שרעקלעכע צייטן; ס׳זיינען פאָרגעקומען פיל פּאָגראָמען. ווי אַלע מאָל, האָט מען געזוכט אַ שולדיקן: איז דער איד געווען דאָס כפּרה־הינדל. אין נאָוועמבער, 1917, האָבן די באָלשעוויקעס — מיט דער הילף פון די פּעטראָגראַדער מאַטראָזן — איבערגענומען די מאַכט פון קערענסקין און דורכגעפירט די צווייטע באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע. אויף זייער שטייגער, האָבן זיי צעטריבן די געזעצלעכע פאַרשטייער פון פאָלק און איינגעפירט אַ דיקטאַטאָרישע מאַכט. לענין און טראָצקי, וועמען מ׳האָט געהאַט אַרויסגעשיקט — אין פאַרמאַכטע וואַגאָנען — דורך דייטשלאַנד קיין רוסלאַנד, האָבן זיך דערקלערט די אָנפירער פון דער צווייטער רעוואָלוציע. לעאָן טראָצקי האָט געגרינדעט די ערשטע רוסישע רויטע גוואַרדיע — צונויפגעזאַמלט פון פאַרשידענע עלעמענטן פון דער אַלטער רוסישער אַרמיי — און זיי צוגעזאָגט אַז ס׳לאַנד און ס׳גאַנצע פאַרמעגן באַלאַנגט צו זיי. כדאַי אָנצואווייזן, אַז קערענסקי האָט זיך געווענדט צו ענגלאַנד, מיט דער בקשה אַריינצונעמען דעם צאַר מיט זיין פאַמיליע (זיי זיינען געווען קרובים פונעם ענגלישן קעניג), וועמען מ׳האָט שוין דעמאָלט געהאַט אַרויסגעשיקט פון פּעטראָגראַד, קיין אָמסק, סיביר; אָבער די ענגלענדער האָבן זיך אָפּגעזאָגט פונעם כבוד. האָבן די באָלשעוויקעס דעם צאַר און זיין גאַנצע משפחה דערשאָסן; אין אַ קעלער, אין אָמסק, זיינען זייערע קערפּערס פאַרברענט געוואָרן און דאָס אַש איז צעשפּרייט געוואָרן, כדי מ׳זאָל זיי קיין מאָל ניט קענען געפינען.

לעניין האָט לאַנג ניט געוואַרט און האָט זיך געווענדט צו דייטשלאַנד, צו שליסן אַ שלום־אָפּמאַך. פאַרן צוועק, זיינען זיך צונויפגעפאָרן די באָלשע־וויסטישע און דייטשע פאַרשטייער אין ברעסט־ליטאָווסק; אין מערץ, 1918, האָט מען דעם אָפּמאַך געשלאָסן און אונטערגעשריבן. אין דייטשלאַנד גופא, ווי אויך אין עסטרייך, זיינען פאַרגעקומען ברויט־ראַיאָטן; אין פיל לענדער האָט געהערשט כאָאָס. די דייטשן האָבן אַריינמאַרשירט אין אוקראַינע, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אירע רייכע פעלדער און איז געווען אַזוי צו זאָגן, דער „ברויט־קויש" פון רוסלאַנד און פון די דערבייאיקע אייראָפּעאישע לענדער. אָבער די רייכע אוקראַינע האָט ניט באַוויזן צו שפּייזן די פרעמדע, ניט־געבע־טענע געסט, און האָט אַפילו זיך אַליין ניט געקענט העלפן.

נאָך צוויי יאָר זיינען פאַרלאָפן ביז די סאָוועטן־מאַכט האָט איינגעפירט אַ שטאַרקע דיקטאַטור. אין פאַרלויף פון דער צייט, האָבן גענעראַלן און אַד־מיראַלן געפּרואווט אַראָפּזעצן די דאָזיקע מאַכט אין פאַרשידענע טיילן לאַנד. דעניקין האָט אָרגאַניזירט אַן אַרמיי אין צענטראַל־רוסלאַנד; קאָלטשאַק האָט דאָס אייגענע זיך פאַרמאָסטן אין סיביר. קלענערע פּאַטריאָטן — ווי פּעטלורא — האָבן, מיט דער הילף פון די דייטשן, נאָך דעם פון די פּאָליאַקן, געפּרואווט פאַרווירקליכן אַן אַלטן אידעאַל, צו שאַפן אַ באַזונדערע אוקראַינע אונטער אַ העטמאַן, מיט דער הויפּטשטאָט אין כאַרקאָוו, נאָך דעם אין קיעוו; ס'האָט זיך אָבער ניט איינגעגעבן. ס'איז זיי געלונגען אַרויסצויאָגן די רויטע גוואַר־דיע, אויף אַ קורצער צייט, ספּעציעל פון אוקראַינע; אָבער מיט קנאַפּן דער־פאָלג. וואָס דעניקינען און פּעטליוראַן איז יאָ געלונגען איז געווען — צו מאַכן שרעקלעכע שחיטות אויף די אוקראַינישע אידן. ס'דערמאָנען זיך די פּראָסקו־ראָווער פּאָגראָמען — שבת, דעם 5טן פעברואַר; און דער פּאָגראָם מיט עט־לעכע טעג שפּעטער, אין פעלשטין (פּאָדאָליער גובערניע).

אין דער פּראָסקוראָוו־שחיטה זיינען אומגעקומען 1,500 נפשות. פון דער פעלשטינער באַפעלקערונג, וואָס האָט געציילט אַן ערך 1,500 זיינען אומגע־קומען 650. כמעט אַלע עלטערע אידן זיינען אומגעבראַכט געוואָרן. אין אַנדערע ישובים — אין פּאָדאָליער, וואָלינער און קיעווער גובערניעס — האָבן פיל פון אונדזערע ברידער פאַרלאָרן ס'לעבן אויף אַ מערדערישן און טראַגישן אופן. די אוקראַינער קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט אין אַ גרויסער מאָס זיך באַטייליקט אין די הריגות און רויבערייען, וואָס די אַריינגעקומענע, אָדער אַרויסגייענדיקע, פּאַרטיזאַנען־באַנדעס האָבן געהאַט דורכגעפירט. די שחיטות זיינען געפירט געוואָרן, צווישן אַנדערע, פון די איייניקלעך פון באַ־וואוסטן אוקראַינער מערדער און שונא ישראל, באָגדאַן כמיעלניצקי, וואָס האָט אין מיטלאַלטער געהאַט דורכגעפירט מאַסן־פּאָגראָמען אויף די אידן אין אוקראַינע.

מיר גיבן איבער פיל איינצלהייטן וועגן דעם וואוקס און חורבן פון דעם אוקראַינער אידנטום פון וועלכן מיר זיינען געווען אַ טייל. דאָס ווערט געטאָן, כדי מיר זעלבסט, די עלטערע, זאָל זיך מער באַקענען מיט דעם שווערן לעבן

פון אונדזערע ברידער. מיר גלייבן אויך, אַז דעם יונגן אַמעריקאַנער דור וועט פאַראינטערעסירן דאָס לייענען זכרונות פון דער פאַרגאַנגענהייט, כדי צו דערגיין זיין אָפּשטאַם, באַגרייפן וואָס זיינע עלטערן האָבן דורכגעלעבט, און וואָסער שווער לעבן זיי האָבן געהאַט דורכגעמאַכט, אין לויף פונעם צוויי־טויזנט יאָריקן גלות.

אונדזער אויפגאַבע, ביים שרייבן אָט די זכרונות, איז ניט — זיך אומ־צוקערן צו די גאָר אַלטע צייטן, ווען אידן אין אוקראַינע, פוילן און דייטש־לאַנד זיינען געווען פאַרשפאַרט אין געטאָס. ס׳דאַרף דערמאָנט ווערן, אַז די געטאָ אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק, איז אָפּגעשאַפט געוואָרן ערשט אין 1859. אַז אין 1857, איז אָפּגעשטעלט געוואָרן דער גירוש פון אידן פון די גרענעצן. פאַראַן נאָך פאַקטן — פון היסטאָרישע און אַנדערע וויכטיקע קוואַלן — וואָס וואָלטן דאָ געקענט איבערגעגעבן ווערן, נאָכמער צו באַלייכטן דעם גאַנג פון די געשעענישן; ס׳איז אָבער איצט נייטיק זיך צוריקצוקערן צו דער געשיכטע פון די פאַרפאָלגונגען בעת דער לעצטער עפּאָכע.

אין שייכות מיט די טראַגישע יאָרן פון 1918־1921, אין אוקראַינע, ברענ־גען מיר דאָ אייניקע ציפערן פון די דעמאָלטיקע פּאָגראָמען און שחיטות. ס׳איז זייער פיל געשריבן געוואָרן — טויזנטער באַריכטן זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער אידישער פרעסע אין פאַרשידענע לענדער — וועגן די שוידערלעכע מעשים פון די באַנדיטן אין איינצלנע שטעט און שטעטלעך; אָבער קיין אויספירלעכער באַריכט וועגן די שרעקלעכע פּאָגראָם־געשעענישן איז נאָך עד היום ניטאָ. דורך עטלעכע ציפערן, וועלן מיר זיך באַמיען עטוואָס צו באַלייכטן די לאַגע.

אין קיעווער גובערניע, 584 פּאָגראָמען; פּאָדאָליער גוב., 293; וואָלינער, 202; כערסאָנער, 82; פּאָלטאַווער 63; צענטראַל־רוסלאַנד, 9; אין איינעם 1233 פּאָגראָמען.

דערמאָרדעטע: קיעווער גובערניע, 16,569; פּאָדאָליער, 8,111; וואָלי־נער, 1952; כערסאָנער, 2,693; טשערניגאָווער, 523; פּאָלטאַווער, 366; יע־קאַטערינאסלאַווער, 564; טאַווּריטשעטשער 20; כאַרקאָווער, 24; צענטראַל־רוסלאַנד, 249, אין איינעם 31,071 נפשות.

בעמענדיק דאָס דערמאָנטע אין באַטראַכט, קען מען זאָגן, אַז די צאָל הרוגים, אין גאַנץ אוקראַינע, האָט באַטראָפן פון 50 ביז 60 טויזנט. פון זיי, זיינען כמעט צוויי־דריטל געווען אין בליענדיקן עלטער פון 17 ביז 50 יאָר.

(קוואַל: נ. גערגעל, „די פּאָגראָמען אין אוקראַינע״; בערלין, 1920).

***

עטלעכע ווערטער וועגן פּראָסקוראָוו, אַן אינטערעסאַנטע פּאָדאָליער שטאָט. זי האָט פאַרמאָגט אַן אייזנבאַן־סטאַנציע, צווישן קיעוו און וואַלאַ־טשיסק פון איין זייט, און שעפּעטאָווקע און קאַמענעץ־פּאָדאָלסק פון דער אַנ־דערער זייט. פּראָסקוראָוו האָט שטענדיק געפירט אַ גרויסן האַנדל, פאַרמאָגט אייניקע פאַבריקן און זאַוואָדן. דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן פון איר אידישער

באַפּעלקערונג איז אויך געווען מער אַנטוויקלט איידער ביי אידן אין אַנדערע פּאָדאָליער שטעט. פּראָסקוראָוו האָט געשמט מיט אַן אינטערעסאַנטער אינ־טעליגענץ און מיט איר׳ע כלל־טוער פון אַלערליי שאַטירונגען.

מיט דער צייט, האָט די אוקראַינער דירעקטאָריע — מיט ווינישענקאָ, דעם שפּעטערדיקן קאָמוניסט, בראש — אַלץ מער פאַרלאָרן איר באָדן. פאַר דער אידישער באַפּעלקערונג האָבן זיך אָנגעהויבן שרעקלעכע טעג. ס׳זיינען פאָרגעקומען אַ ריי פּאָגראָמען אין אורוטש, זשיטאָמער, בערדיטשעוו און אַנ־דערע אידישע ישובים.

פון די פאַרהאַנדלונגען וואָס כלל־טוער האָבן געפירט מיט דער אורקאַי־נישער דירעקטאָריע, איז קלאָר, אַז די אוקראַינער האָבן ווירקלעך אָנגענומען, אַז אַלע אידן זיינען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די אידישע קאָמוניסטן. צווישן אַלע באַנדעס, האָט זיך אויך געפונען אַ אַטאַמאַן (אָנפירער) — סימאָסענקא — וואָס האָט דורכגעפירט די פּראָסקוראָווער שחיטה אויף אידן.

פיר שעה האָט געדויערט דער פּאָגראָם, בעת וועלכן ס׳זיינען אומגע־בראַכט געוואָרן 1500 נפשות.

דער זעלבער מערדער, אַטאַמאַן סימאָסענקא, האָט פון פּראָסקוראָוו זיך אַ לאָז געטאָן מיט זיינע היידאַמאַקעס (אוקראַינישע באַנדיטן) קיין פעלשטין, אַ שטעטל ווייטער מיט דרייסיק וויאָרסט, אויסשחטנדיק כמעט די גאַנצע אידישע באַפּעלקערונג. פון אַן ערך 1,000 נפשות, זיינען איבער 700 אומגע־קומען אויפן טראַגישסטן אופן.

פּאָדאָליע, וואָס פאַרנעמט דעם זעלבן שטח ווי שווייצאַריע, האָט פאַר־מאָגט אַ באַפּעלקערונג פון 5 מיליאָן. אידן האָבן געציילט ביז 12 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפּעלקערונג אין פּאָדאָליע.

ס׳דאַרף צוגעגעבן ווערן, אַז נאָך די פּאָגראָמען, זיינען איבערגעבליבן אַן ערך פון 200 טויזנט יתומים און צענדליקער טויזנטער אלמנות; אויך אַ גרוי־סע צאָל פאַרוואונדעטע. פון די דערמאַנטע, האָט אַ גרויסער טייל זיך מער ניט געקענט צוריקקערן און האָט ניט געקענט פירן אַ נאָרמאַל לעבן. דאָס גאַנ־צע אוקראַינישע אידנטום איז צעריבן געוואָרן אונטער די רעדער פון די היסטאָרישע געשעענישן.

אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דאָס לעבן פון אונדזער שטעטל.

און איצט אַ ביסל זכרונות פון פערזענלעכע עפּיזאָדן און איבערלעבונגען.

זומער, 1918 — נאָכן דורכפאַל פון דער קערענסקי־אָפּענסיווע און צו־ריקטריט פון דעם מיליטער פונעם גאַליציאַנער פראָנט — איז פאָרגעקומען דער גרעסטער מיליטערישער כאָאָס. דורך הוסיאַטין, האָבן זיך געצויגן טאָג און נאַכט, עשאַלאָנען מיט סאָלדאַטן — מיט, אָדער אָן געווער, צעבראָכענע קאַנאָנען, טראָקס, וועגענער מיט אויסגעדאַרטע און קראַנקע פערד, קאָמאַנדירן פון דער צעשלאָגענער אַרמיי — ווער אויף אַ פערד רייטנדיק, ווער צופוס גייענדיק, מיט צעריסענע מלבושים און צעפּאַלענע שטיוול. ס׳האָט ניט גע־הערשט קיין שום דיסציפּלין, יעדער האָט זיך אויסגעקליבן דעם ווייטערדיקן

וועג לויט זיין וואונטש. דורכגייענדיק ס׳בריקל איבערן וואַסער, האָבן סאָל־דאַטן געפרעגט, צי די געגנט איז שוין רוסלאַנד און ווי ווייט ס׳איז דער וועג צו כאַרקאָווער גובערניע (אַן ערך 1,000 וויאָרסט), אָדער ווי לאַנג עס וועט נעמען גיין צופוס קיין קיעוו, אָדער אַנדערע ווייטערדיקע מקומות.

ס׳האָט זיך דערפילט אַ בייע מורא און אַ פרישער דראַנג צו אַנטלויפן פון שטעטל. מיין פאָטער, מוטער, שוועסטער און אירע צוויי קינדער האָבן באַשלאָסן — צום דריטן מאָל זייטן אָנהייב פון דער מלחמה, אין 1914 — ווידער נעמען דעם וואַנדערשטעקן און גיין ווייטער. מיין מוטערס שוועסטער ציפּע אַלטשולער (פון סאטאנאָוו), האָט געוואוינט אין פראמפּאל.

כ׳בין דעמאָלט געווען אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק. פון דאָרט האָב איך זיך פאַרבונדן מיט דער מומען אין פראמפּאל, וואָס איז געווען אַן ערך 45 וויאָרסט פון דער הוסיאַטינער גרענעץ. זייער ווייניק מיליטער האָט זיך געפונען אין יענעם געגנט. עס זיינען דאָרט ניט געווען קיין שאָסייען (געפלאַסטערטע וועגן); אויך קיין באַן. מ׳האָט דאָרט אויך געלעבט אין פּחד; יעדן האָט זיך געדוכט, אַז מ׳וועט געפינען אַ צייטווייליקע באַהעלטעניש. אין עטלעכע טעג אַרום, האָב איך באַקומען אַ גרוס, אַז די פאַמיליע איז בשלום אָנגעקומען קיין פראמפּאל.

מיין מוטערס שוועסטער מיט איר פאַמיליע זיינען שוין זיכער אויף דער וועלט ניטאָ, זיי האָבן יאָ איבערגעלעבט די שווערע צייטן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה; אָבער זיי האָבן געטיילט דעם ביטערן גורל און זיינען אומ־געקומען אין איינעם מיט אַלע אַנדערע אידן פון שטעטל, אין דער צייט פון היטלערס אַריינדרינג, דורך אוקראַינע, קיין רוסלאַנד. צום אָנדענק פון דער פאַמיליע אונדזערער, וויל איך דערמאָנען, וואָסער פריינטשאַפט און איבער־געגעבקייט זיי האָבן אַרויסגעוויזן מיינע עלטערן, שוועסטער און קינדער. זיי האָבן גאַנצע זעקס מאָנאַטן איבערגעגעבן ס׳גאַנצע הויז אין רשות פון די פּליטים, זיינען געשלאָפן ביי שכנים און האָבן אָפּגעטראָטן זייערע געלעגערס פאַר אונדזער פאַמיליע; ניט געלאָזט מיין משפחה אויסגעבן אַפילו אַ קאָפּיקע, און צוצעגרייט עסן און טרינקען אויף דעם שענסטן אופן. וואו נעמט מען, היינטיקע צייטן, אַזעלכע מומעס און פעטערס?

מיינע עלטערן האָבן, מיט דער צייט, געפונען אַ וואוינונג און איך בין געקומען פון קאַמענעץ־פּאָדאָלסק, איינצושטיין ביי זיי פאַר אַ וויילע.

צו מיין פרייד, האָב איך זיך אָנגעטראָפן אין שכנות מיט דבורה בראַנד (אַרציס טאָכטערס, פון וויליכאָוויץ); ווי אויך איר קאָזין הערשל ראָזענבערג־סיגעל, פון זבאראש, גאַליציע. דער שיקזאַל זייערער האָט אויך זיי פאַרוואָרפן אין באַהעלטעניש. זיי זיינען פאַרהייראַט, וואוינען איצט אין ישראל און האָבן שוין איינזקע מאָל באַזוכט אַמעריקע; זיינען אַ לענגערע צייט געווען אין ניו־יאָרק צו גאַסט ביי זייער טאָכטער.

לאַנג האָט ניט גענומען און די כוואַליע פון די סאָלדאַטן, וואָס זיינען אַנטלאָפן פונעם פראָנט, האָט זיך צעשפּרייט אין די דערפער אַרום פראמפּאל. אינעם דאָרף, צווישן דער פאַרמערישער באַפעלקערונג, האָט זיך געפונען

מער ברויט און אַנדערע עסנוואַרג. די מיליטערישע קאַדרען זיינען אָפּגע־שאַפּט געוואָרן; האָבן דעריבער די צעשלאָגענע אַרמייען באַדאַרפט געפינען זייער אייגענע שפּייז, אויך אַן אָפּשטעל־אָרט אויפן לאַנגן וועג אַהיים.

אין די דערפער, איז די קריסטלעכע באַפעלקערונג ניט געווען שטאַרק צופרידן פון די געסט; זי איז אָבער געווען געצוואונגען צו שפּייזן זיי. איך דער זעלבער צייט, איז די גויים איינגעפאַלן, אַז אַזוי ווי אַלץ איז הפקר און קיין ציווילע מאַכט איז אין שטעטל ניטאָ, זאָל מען אַריינפירן די סאָלדאַטן אין שטעטל, אויפצובריען אידישע קרעמלעך, ס׳באַזיץ אַוועקרויבן און אַלץ וואָס נאָר מעגלעך, אַוועקפירן אין די דערפער.

איין מאָל ביינאַכט, האָט זיך געהערט אַ שיסעריי אין שטעטל; אין דער פרי האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מ׳האָט באַרויבט די קראָמען; און אַז מען האָט זיך אויך אַריינגעריסן אין פריוואַטע הייזער, פאַרגוואַלדיקט אייניקע פרויען און אָנגעפּאַקט די וועגענער מיט אידיש גוטס. פראַמפּאָל האָט פאַר־מאָגט זייער העלדישע יונגע חברה און מ׳האָט פאַררופן אַ מיטינג אין הויז פון אברהם בראַון, וואָס האָט געוואוינט אין מיטן שטעטל און האָט פאַרמאָגט אַן אַפּטעטשני סקלאַד (דראָג־סטאָר). ביים מיטינג איז באַשלאָסן געוואָרן, צו גרינדן אַ סאַמאָאָכראַנע (זעלבסטשוץ). בראַון איז דערוויילט געוואָרן ווי דער פאָרזיצער; איך — סעקרעטאַר און זעלבסטשוץ־אָרגאַניזירער. איז דאָך גוט; אָבער וואו נעמט מען ביקסן? האָבן מיר געפונען אַרום 25 ביקסן צווישן די אייגענע מענטשן, אָבער מיר האָבן געפילט, אַז די צאָל 25 איז ניט גענוג.

אין אַ צווייט שטעטל — קיפּין, צוואַנציק וויאָרסט פון פראַמפּאָל — האָט זיך — לויט פון דאָרט באַקומענע באַריכטן — געפונען אַן אַזוי גערופענער שטאַב פון דער צוריקלויפנדיקער אַרמיי. אַזוי ווי אין קערענסקיס צייטן האָבן אידישע יונגעלייט געדינט אין דער אַרמיי ווי אָפיצירן, האָבן מיר באַשלאָסן אַריינצופאָרן קיין קיפּין און בעטן ביי זיי אַביסל געווער, זיך צו פאַרטיידיקן קעגן די אָנפאַלער. נאָך אַ לאַנגן, אינטערעסאַנטן שמועס, האָבן מיר — דריי פאָרשטייער — באַקומען דרייסיק ביקסן און אַ קוילן־וואַרפער (פּולימיאָט) מיט סאַמע נייטיקע מכשירים.

די אָפיצירן און סאָלדאַטן, וואָס מיר האָבן דאָרט געטראָפן — צווישן זיי, אַ צאָל אידן — האָבן געגלייבט, אַז די רעוואָלוציע וועט זיך אַנטוויקלען, אָנגיין אין אַ נאָרמאַלן וועג און ברענגען פרייהייט סיי דער רוסישער באַפעלקערונג, סיי די מינדערהייטן, די קלענערע פעלקער, וועלכע האָבן געוואוינט אין דעם גרויסן רייכן לאַנד. מיר האָבן מיט זיי איינגעשטימט. אָנגעטאָן אין זעלנער־אוניפאָרמען, וואָס זיי האָבן אונדז געהאַט געשענקט אַלס אַ מתנה — און מיט אַ ביקס אין יעדנס האַנט — זיינען מיר צוריקגעפאָרן קיין פראַמפּאָל. אַזוי אַרום, האָט דאָס שטעטל זיך דערוואָרבן אַ געזעצלעכע זעלבסטשוץ און איז געווען גרייט זיך קעגנצושטעלן די מערדער.

יעדן טאָג זיינען געקומען אייניקע גוים פון די דערפער, אויסצושפּיאָ־נירן — און מעגלעך — אויסצוגעפינען, וואָס עס טוט זיך ביי די אידן אין

שטעטל. מיר האָבן אַלע צוגרייטונגען געמאַכט בייַנאַכט און עס געהאַלטן בסוד סודות. יעדע נאַכט, האָבן פינף פון אונדז אַרומגעשפּאַצירט איבערן שטעטל; אַן ערך צוואַנציק אַנדערע זייַנען געווען צעשטעלט אונטער די ווענט פון די אַרומיקע הייזער. דעם פּולימיאָט (קוילן־וואַרפער) האָבן מיר באַהאַלטן און פאַרדעקט אויף אַ פּלאַץ, וואו נאָר די, וואָס האָבן געקענט אַנגיין דערמיט, האָבן געוואוסט וואו עס געפינט זיך.

יעדע נאַכט, האָבן מיר געהאַט אַן אַנדערן צייכן ווי אַזוי אין דער פינצ־טער זיך צונויפרעדן. מיט אַ שיין פון אַ אָנגעצונדן שוועבעלע, האָט מען צו וויסן געגעבן, אַז די רוצחים זייַנען אָנגעקומען. אין אַ פינצטערער נאַכט האָט די גאַנצע חברה געשאָסן פון יעדן ווינקל, אויף די פּאָגראָמטשיקעס. דער פּו־לימיאָט האָט, אויפן בעסטן אופן געהאָלפן אין דער „מלחמה״. די גוים און די סאָלדאַטן זייַנען אַנטלאָפן מיט ליידיקע הענט און ליידיקע וועגענער; זיי האָבן זיך ניט געריכט אויף אַזאַ אָנפאַל אויף זיי. ווען ס׳איז געוואָרן ליכטיקער, האָבן מיר געפונען צוויי פון די סאָלדאַטן טויט.

מיר האָבן געוואונען די שלאַכט, אָבער איינצייטיק פאַרלאָרן די מלחמה. אין שטעטל האָט אויסגעבראָכן אַ פּאַניק. מ׳האָט מורא געהאַט, אַז אַלס רעזול־טאַט דערפון, וואָס עס זייַנען דורך אונדז דערשאָסן געוואָרן צוויי סאָלדאַטן, וועלן איצט די דאָרפס־גוים, די באַנדיטן, נקמה נעמען פאַר זייערע פאַרלוי־רענע חברים און אומברענגען, חלילה, אַלע אידן פון שטעטל. טייל פון אונדז האָבן געהאַלטן, אַז טאָקע דערפאַר וואָס די גויים וועלן זען, אַז מ׳שטעלט זיך אַנטקעגן זיי, וועלן זיי מורא האָבן אָנצופאַלן אויף די אידן. דערמיט זייַנען אָבער די מערסטע בעלי־בתים ניט מסכים געווען.

דערווייל איז אויפגעקומען דאָס פּראָבלעם: וואָס טוט מען מיט די צוויי טויטע סאָלדאַטן?

זיי זייַנען געלעגן באַהאַלטן אין אַ קעלער, וואָס בלויז אַ קלענער טייל פון דער באַפּעלקערונג האָט געוואוסט וואו ס׳געפינט זיך.

אָנגעטאָן אין זעלנער־אוניפאָרמען, האָבן מיר — אויפן צווייטן פרימאָרגן, ווען דאָס שטעטל איז נאָך געשלאָפן — זיך געלאָזט אין וועג.

מיר זייַנען אַריין אין איינעם פון די וועגענער אין איינעם מיט עטלעכע יונגעלייט. די, וואָס זייַנען געווען אָנגעטאָן אין ציווילע קליידער, זייַנען גע־פאָרן באַזונדער. נאָך זיי, זייַנען פינף פון אונדז — משטיינסגעזאָגט, סאָלדאַטן — געפאָרן, באַגלייט פון מיט שטרוי באַדעקטע מתים. די ערשטע, וועמען מיר האָבן באַדאַרפט צו וויסן געבן וועגן דער געשעעניש, זייַנען געווען די יונגע קיפּינער חברים, און אין איינעם מיט זיי — אויסאַרבעטן אַ פּלאַן, וואו, און ווי אַזוי, דורכצופאָרן מיט דער סחורה צום שטאָב, אָדער צו אַן אַנדער אָרט.

די וועגן זייַנען געווען געפּאַקט מיט מאַסן מיליטער, אַזוי אַז קיינער האָט ניט געפרעגט דעם צווייטן, ווער ער איז און וואוהין ער פאָרט, אָדער גייט.

די חברה האָבן אונדז באַגעגנט הינטער דער שטאָט. מיר זייַנען זיי נאָכ־געפאָרן און צוגעקומען צו אַ הויז מיט אַ גרויסן טויער. אַרייַנגעפאָרן דורכן

טויער, האָבן מיר אינעם דאָזיקן הויז איבערגעלאָזט די זעלטענע מתנה ביז ביינאַכט. די אָפיצירן האָבן מורא געהאַט, אַז ווען דאָס מיליטער וועט וועגן דעם דערגיין, וועלן מעגלעך פאַרקומען אומרוען און די אידישע באַפעלקערונג וועט דערפון ליידן.

אַ „קראַסני קרעסט" („רויטער קרייץ") וואָגן האָט אונדז פון אָט דער מורא באַפרייט. יענע נאַכט האָבן מיר זיך צוריקגעקערט אַהיים קיין פּראַמפּאָל.

# די אוקראַינע, איר נאַציאָנאַלע אַנטוויקלונג און די אידן אין די שטעט און שטעטלעך

## צווייטער טייל

אינטערעסאַנטע פאַקטן פון דער געשיכטע פון דעם אויפקום פון אוקראַינע. — די שוועדן, די פּאָליאַקן און די דייטשן אין אוקראַינע׳ס געשיכטע. — די טערקן און די טאַטאַרן. — דער אָנקום פון די אידן קיין אוקראַינע. — די כוזרים (כאַזאַרן), וועלכע האָבן אָנגענומען דעם אידישן גלויבן און געגרינדעט אַ אידישע מדינה אין אוקראַינע. — די קאָזאַקישע שחיטות אונטער באַגדאַן כמעלניצקי.— דער בייטראַג פון די אידן צו דער אַנטוויקלונג פון אוקראַינע אין פאַרשידענע צייטן. — אַן ענטפער אַן אוקראַינישן היסטאָריקער. —

# די אוקראַינע, איר נאַציאָנאַלע אַנטוויקלונג און די אידן אין די שטעט און שטעטלעך

## פון בקי (בענדזשאַמין) דיימאָנד

אין 1927, האָב איך און מיין פאַמיליע געוואוינט אין קיעוו. נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז מיר וועלן מעגלעך מער אין אונדזער לעבן ניט זיין אין אָט דער וואונדערבאַרער שטאָט — וואָרעם מיר האָבן זיך געגרייט צו פאַרלאָזן רוסלאַנד — האַלט איך, אַז ס׳איז כדאַי דאָ זיך אָפּצושטעלן אויף קיעווס היס־טאָרישן באַטייט, ווי אויף איר ראָלע בעת רוסלאַנד האָט זיך אויסגעפורעמט ווי אַ וועלט־מאַכט.

קיעוו איז אויפגעקומען אינעם 12טן יאָרהונדערט און איז כסדר געוואַקסן אין אָנזען. אין 19טן און 20סטן יאָרהונדערט, האָבן גאַנצע דורות היסטאָרי־קער געפאָרשט דאָס דעמאָלטיקע לעבן אין פאָרשריט פון דער דאָזיקער שטאָט.

ווי באַוואוסט, איז רוסלאַנד אַ גאָר וויכטיקער טייל פון אייראָפּע, און באַשטייט פון מזרח־סעקטאָרן פון לאַנד — ד.ה. פון די אוקראַינישע טערי־טאָריעס :

✶ אויך סעקטאָרן פון רומעניע (בעסאַראַביע) ;

✶ אויך טיילן פון בעלאָרוסיע, וואָס שליסט־איין דעם טייך בוג, דניעסטער ;

✶ אויך פונעם דניעפּער, אַרום קיעוו, וואָס ציט זיך ביזן טייך דאָן אין די שוואַרצע און אַזאָווער ימים.

אין משך פון הונדערטער יאָרן, האָט רוסלאַנד זיך אויסגעברייטערט צו די גרענעצן פון אַזיע. קיין טעריטאָריעס אינעם אַפריקאַנער וועלט־טייל פאַר־מאָגט זי אָבער ניט, ווי עס האָבן עס פאַרמאָגט ענגלאַנד, פראַנקרייך, שפּאַניע, פּאָרטוגאַל א. אַנד.

ביז ניט לאַנג צוריק, האָבן די אַנגעגעבענע מלוכות געוועלטיקט איבער אַנדערע לענדער און פעלקער — דורך קאָלאָניאַלער און מיליטערישער אָקו־פּאַציע.

רוסלאַנד — מיט אירע פאַרשיידענע פעלקער, און אַפילו פאַרשיידענע

שפּראַכן און קולטורן — באַשטייט פון אַן אײנהײטלעכער באַפעלקערונג, וואָס האָט זיך שטענדיק געפונען אונטער אײגנאַרטיקע הערשער — באַזונדערס אין משך פונעם דריי הונדערט יאָריקן ראָמאַנאָוו־רעזשים. בעת די אָפּגעלאָפּענע יאָרן, איז אויפגעקומען אַ נאַציאָנאַלער, פּאַטריאָטישער עלעמענט, וואָס איז שטענדיק געווען גרייט צו פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד.

אין ליכט פון קיעווס גרויסער ראָלע, איז די דאָזיקע שטאָט באַצייכנט געוואָרן ווי „מאַט רוסקיך גאָראָדאָוו" (מוטער פון די רוסישע שטעט).

זינט דעם מיטלאַלטער איז רוסלאַנד פאַררעכנט אַלס אַ גרויסע אייראָ־פּעאישע מאַכט — סיי צוליב איר ציוויליזאַציע און פּאָליטישע און קולטורעלע פאַרבינדונגען מיט אייראָפּע, סיי צוליב איר האַנדל. וואָס מער מ'איז באַקאַנט מיט דער אַלטער רוסישער געשיכטע ווערט אַלץ קלאָרער, אַז כאָטש די אַמאָליקע רוסישע הערשער זיינען געווען אויטאָקראַטן, דאַרף גענומען ווערן אין באַטראַכט, אַז אין רוסלאַנד זיינען — פונעם 19טן יאָרהונדערט ביז 1917 — איינגעפירט געוואָרן, דורך אייניקע צאַרן, ליבעראַלע געזעצן( אין אַ קליי־נער מאָס); אויך האָבן זיי באַפרייט דאָס פויערטום פון „פּאַנשטשינע" (שקלאַפן־אַרבעט) און איינגעפירט אַ יורידישע אָרדענונג דורך געזעצגעבערישע אינ־סטאַנצן.

צווישן 14טן און 15טן יאָרהונדערט, ווען מאָסקווע איז געווען אַ באַזונ־דערער שטאָט, האָט אין אַ קליינעם טייל פון איצטיקן רוסלאַנד געהערשט אַ פולשטענדיקער אויטאָקראַטישער רעזשים, אונטער דער הערשאַפט פון אייניקע קניאַזן (פּרינצן). אין דער זעלבער עפּאָכע האָט קיעוו, מיט איר איי־גענעם הערשער, אָנגעהאַלטן אַ מער ליבעראַלע אינערלעכע פּאָליטיק. שוין אין 17טן יאָרהונדערט, האָט אויך מאָסקווע באַשטימט אַ „זעמסקע סאָבאָר"; דעלעגאַטן זיינען זיך צוזאַמענגעקומען פון אַנדערע געגנטן (וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט מאָסקווע) און האָבן געהאַט דאָס רעכט זיך צו באַראַטן וועגן פאַרשידענע אָנגעלעגנהייטן בנוגע דער באַפעלקערונג. אויף וויפל דאָס האָט געווירקט אויף דער דעמאָלטיקער מאַכט, איז שווער פעסטצושטעלן. וועגן די פאָדערונגען פון די דעמאָלט־פאַרזאַמלטע דעלעגאַטן, איז ווייניק פאַרצייכנט געוואָרן. די סלאַווישע (גריכיש־אָרטאָדאָקסישע) קירך האָט שוין דעמאָלט געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָלע אין די ענינים פון לאַנד.

אין אַנדערע טיילן פון דער רוסישער מדינה זיינען איינגעפירט געוואָרן פאַרשידענע פאָרמען זעלבסט־פאַרוואַלטונג.

רוסלאַנדס טאָטאַליטאַרע וועלט־אַנשויאונגען זיינען אַנטשטאַנען דערפון, וואָס ס'האָט געדויערט מעגלעך טויזנט יאָר פאַר איר אויסשפּרייט צו אירע איצטיקע גרענעצן.

רוסלאַנד האָט געפירט אומצייליקע מלחמות מיט די נאָמאַדן, מאָנגאָלן, טאָטערן און אַנדערע, וואָס האָבן זיך געהאַט אַריינגעריסן אין דער רוסישער מדינה, בכדי זי צו אַנעקסירן. אויך זיינען אין רוסלאַנד פאָרגעקומען פיל שבטים־צוזאַמענשטויסן, וואָס נאָך דעם איז אויסגעפורעמט געוואָרן אין גרוי־

סע מלוכה. די פּרינצן, קניאַזן און צאַרן האָבן ווייניק געטראַכט וועגן פריי־הייטן פאַרן פאָלק, אָדער וועגן פאַרבעסערן דאָס לעבן פון די באַזעצטע שבטים; גיכער האָבן זיי זיך פאַרנומען מיט אָרגאַניזירן מיליטער־אָפּטיילונגען, צוגרייטן די וואָפן א.אַ. פאַר די שלאַכטן; און אויסאַרבעטן די נייטיקע מיטלען פאַר אָנפירן דעם קאַמף קעגן די שונאים.

די זעלבסט־פאַרוואַלטונג פונעם קיעווער ראַיאָן האָט מיט זיך פאָרגע־שטעלט אַ שווערע פּראָבלעם. אָנפירנדיק מיט די קאָמערציעלע ענינים, זיינען די קניאַזן געווען בכוח זיך צונויפצורעדן מיט די קיעווער הערשער.

די צעוואָרפענע שבטים האָבן ניט אַרויסגעוויזן קיין אינטערעס אָנצוהאַלטן קיעוו ווי די הויפּטשטאָט פון רוסלאַנד. לערך 880 (נ. ק.) איז קיעוו באַזיגט און פאַרכאַפּט געוואָרן דורך פּרינץ אָלעג, הערשער פון צפון־רוסלאַנד, וואָס האָט איינציייטיק פאַרשפּרייט זיין מאַכט אין דרום־רוסלאַנד, דערוואָרבנדיק זיך דערמיט אַ גרויסן נאָמען צווישן די שבטים אין לאַנד.

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, האָט פּרינץ אָלעג געשיקט מיליטער צו די קרים־געגענטן, ווי אויך אַרום שוואַרצן ים און אַזאָווער ים, צעקלאַפּנדיק די כאַזארישע מלוכות און פאַראייניקנדיק דעם גאַנצן ראַיאָן פון דרום־טייל לאַנד מיט דער פריערדיקער קיעווער זעלבסט־הערשאַפט. אַזוי אַרום, איז אים דערמעגלעכט געוואָרן, צו דערגרייכן די וואַסערן, וועגן און קאָמוניקאַציע־מיטלען פונעם דניעסטער־טייך און די ברעגעס פונעם ים אַרום אַזאָוו און אָדעס. (ווי באַוואוסט, האָבן די כאַזאַרן (כוזרים) אין אַכטן יאָרהונדערט אָנגע־נומען דעם אידישן גלויבן און עטלעכע הונדערט יאָר געוועלטיקט אַלס אַ שטאַרקע, קעמפערישע מאַכט.)

אַנטוויקלענדיק אַן עקספּאָרט־האַנדל מיט די גריכן, דורכן שוואַרצן ים, האָט אָלעג צונויפגעזאַמלט פּוטערוואַרג, א.אַ. באַזונדערס האָניג, און צו דעם אַלעם צוגעלייגט הונדערטער שקלאַפן, און האָט זיך דערוואָרבן אַ גרויס פאַר־מעגן. רוסלאַנד האָט אויך איינגעקויפט, פון אַ ריי לענדער, זייד, ווי אויך אַנדערע פאַבריצירטע סחורות, און אויך פאַרשידענע געווירצן.

באַזיצנדיק אַ גרויסן פּלאַץ, האָבן קיעווער הערשער — אינעם 10טן יאָרהונדערט — געשפּילט אַ וויכטיקערע ראָלע אויפן האַנדלס־ געביט ווי אַנדערע אייראָפּעאישע פעלקער, פאַרגרעסערנדיק קיעווס אָנזען אין רוסלאַנד. דערוואָרבנדיק זיך אַזאַ שטאַרקע פּאָזיציע אינעם דעמאָלט נאָך ניט פאַראיי־ניקטן רוסלאַנד, האָט זיך די קיעווער סוחרים איינגעגעבן — דורכן דניעפּער און שוואַרצן ים — זיך צו פאַרבינדן מיט קאָנסטאַנטינאָפּאָל, טערקיי, פון וואַ־נען די סלאַווישע, גריכיש־אָרטאָדאָקסישע רעליגיע האָט זיך פאַרשפּרייט און איז אין גאַנץ רוסלאַנד אָנגענומען געוואָרן.

אויך אַנדערע רעליגיעס — די רוימיש־קאַטוילישע, מוסולמאַנישע און אידישע, אַפילו געצנדינערישע — האָבן געפונען אָנהענגער אויף דעם רוסישן באָדן. אָבער זייט דעם 19טן יאָרהונדערט, האָבן די רוסישע רעזשימען אָנגע־נומען אַלע מיטלען, כדי צו פאַרקלענערן דעם וואוקס פון די דערמאָנטע רע־

ליגיעס, אין צוזאַמענאַרבעט מיטן קריסטלעכן אָרטאָדאָקסישן גלויבן. ס׳דאַרף אויך דערמאָנט ווערן, אַז נאָך דער באָלשעוויסטישער באַפּעסטיקונג — אין משך פון 1918 ביז 1925 — ווי דער איינציקער רעזשים אין לאַנד, זיינען אַלע גלויבנס אונטערדריקט געוואָרן. אין לאַנד ווערן געמאַכט כסדרדיקע באַמיאונ־גען, ניט צו דערלאָזן, אַז רעליגיע זאָל זיך אויף ס׳ביי אַנטוויקלען.

אין קיעוו פלעגן פאָרקומען רייסערייען צווישן די פאַרשיידענע קניאזן. נאָכן טויט פון איינעם פון זיי, זיינען פאָרגעקומען צוזאַמענשטויסן צווישן די יורשים אין אַ פאַרמעסט צו פאַרכאַפּן דעם טראָן, דערפירנדיק צו קליינע מלחמות אין לאַנד; דער זיגער איז געווען דער, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין דער שטאַרקסטער. ווי דער רעזולטאַט פון די דערמאָנטע צוזאַמענ־שטויסן, איז דער וויטערדיקער פאַרכאַפּן פון טעריטאָריעס פאַרלאַנגזאַמט געוואָרן.

בעת דער תקופה נאָך וולאַדימיר מאנאמאכס טויט — אין יאָר 1015 — האָט דער קיעווער רעזשים דורכגעמאַכט אַ שווערע צייט. לאַנג האָבן וולאַדי־מירס פינף זין זיך ניט געקענט איינקן דערויף, ווער פון זיי ס׳זאָל פאַרנעמען דעם פאָטערס אָרט. אין לאַנד האָט אויסגעבראָכן אַ גרויסער קאַמף; דער סוף איז געווען, אַז סוויאטאפּאָלקן — וולאַדימירס עלטסטער זין — האָט זיך איינ־געגעבן אומצוברענגען צוויי פון זיינע ברידער און פאַרכאַפּן די מאַכט.

אין גיכן, האָט איינער פון די ברידער — יאַראסלאַוו, פּרינץ פון נאָוואָ־גראַד, אַ באַזונדער שטאַט — געגומען באַקעמפן דעם פּרינץ, סוויאַטאָפּאָלק, דעם עלטערן ברודער, דערקלערנדיק זיך — אין 1019 — דער הערשער, און אָנרופנדיק זיך „וועליקי קניאז״ (גרויסער פּרינץ). ער האָט אונטערגעוואָרפן קיעוו אונטער זיין קאָנטראָל. אָבער אין אָנגעזיכט דערפון, וואָס דער אינגסטער ברודער פון דער משפחה, מיאַטיסלאַוו, האָט זיך פאַרמאָסטן קעגן יאַראסלאַוון, האָט דער לעצטער זיך געמוזט מיט אים טיילן מיט דער טעריטאָריעס רעגירונג. אין לויף פון יאַראסלאַווס רעזשים, האָט ער באַוויזן צוריקצוהאַלטן די צעשטע־רענדיקע עלעמענטן, וואָס האָבן געהאַט אָפּגעשוואַכט קיעווס איינפלוס. דעריי־בער איז ער באַצייכנט געוואָרן ווי „יאַראָסלאַוו מודרי״ (דער קלוגער).

בעת די יאָרן 1030 און 1052, אונטערן גרויסן פּרינצס רעזשים — אין רוסלאַנד — זיינען פאַרכאַפּט געוואָרן גרעסערע טעריטאָריעס און ס׳איז פאַר־צייכנט געוואָרן באַדייטנדיקער פּראָגרעס, באַזונדערס דורך עקאָנאָמישע פאַר־בינדונגען מיט אַנדערע לענדער און פעלקער. אין קיעוו זיינען זיך צונויפ־געקומען — פאַר קאָמערציעלע צוועקן — אַראַבישע, אונגאַרישע, פּוילישע און סקאַנדינאַווישע סוחרים. יאַראָסלאַוו האָט איינגעפירט לערן־שולן; האָט אַרויסגעוויזן גרויס אינטערעס אין ליטעראַטור, ביבליאָטעקן און קונסט. ער האָט אַפילו חתונה געהאַט מיט אַ פּרוי, וואָס האָט געשטאַמט פון די קעניגין פון ענגלאַנד און נאָרוועגיע, אָנהייבנדיק דערמיט אַ קעניגלעכע דינאַסטיע וואָס האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן געהערשט איבער רוסלאַנד — אַ הער־שאַפט וואָס האָט אָנגעהאַלטן פיל יאָרהונדערטער. אַזוי אַרום איז קיעוו פאַר־

בליבן — אין דער רוסישער געשיכטע — ווי דער צענטער פון ציוויליזאַציע, דער רוקנביין פונעם אייראָפּעאישן רוסלאַנד, וואָס האָט — דורך האַנדל און קולטור אויסגעפורעמט אַ צובונד צו די מער אַנטוויקלטע מזרח־אייראָפּעאישע לענדער.

נאָך דעם, ווי די מאָנגאָלן (טאַטאַרן) זיינען אָנגעפאַלן אויף קיעוו און זי פאַרנומען — ווי אויך ווי דער רעזולטאַט פון די קאָנפליקטן צווישן די פּרינצן, וואָס האָבן זיך ניט געקענט אייַנטיילן מיטן לאַנד און אַנדערע פאַר־מעגנס — האָבן זיך אויף קיעוו אָנגערוקט שלעכטע צייטן. אין מיטן צוועלפטן יאָרהונדערט, האָט דער רוסישער גרויס־פּרינץ, אַנדרעי באָגאָלאָבסקי — וואָס האָט געהאַט געהערשט אינעם ראָסטאָוו־סאָזדאָף געגנט, אויפן טייך דאָן — פאַרנומען קיעוו. ניט געקוקט דערויף, וואָס אַלע הערשער זיינען געווען סלאַוון, האָט ער צערויבט און צעפּלינדערט די שטאָט. ניט ווילנדיק זיך באַזעצן אין קיעוו, האָט ער באַשטימט אַן אינגערן ברודער, אָלעג, ווי דעם הערשער פון דער באַזיגטער קיעוו. נאָך דעם האָט ער זיך צויקגעקערט קיין וולאַדימיר און זי פאַרוואַנדלט אינעם צענטער פון דער ראָסטאָוו־טעריטאָריע. נאָך דער פּלינדערונג פון קיעוו האָט די גאַנצע געגנט אָנגעהויבן ביסלעכווייז אונטער־גיין. וולאַדימירס הערשאַפט האָט לאַנג ניט געדויערט; די טאַטאַרן זיינען אָנגעפאַלן און צערויבט וולאַדימירס פאַרמעגנס.

אויך די שוועדן און די דייטשן האָבן געפּרואווט אָפּרייסן שטיקער טע־ריטאָריע פון דער רוסישער אימפּעריע; זיי זיינען אָבער דורך די רוסן פאַר־טריבן געוואָרן. אין מיטן זעכצנטן יאָרהונדערט, האָבן פּוילן און ליטע זיך פאַראייניקט — צוליב קריג־צוועקן; אָנהייב זיבעצענטן יאָרהונדערט, האָבן זיי אַנעקסירט מאַלארוסיא, פון וועלכער ס'האָט זיך אויסגעפורעמט אוקריינע, וואָס איז אַרויסגעריסן געוואָרן פון די טאַטאַרן.

אַרום נידעריקן טייל פון דניעפּער טייך האָבן די אוקראַאינער געפּרואווט זיך באַפרייען פון די פּאָליאַקן, אָרגאַניזירנדיק אַ זעלבסטשטענדיקן אויטאָ־נאָמישן צענטער, אין דעם זאַפּאָראָזשיע־ראַיאָן, צו מזרח זייט קיעוו. זייער כוח איז באַשטאַנען פון די זאַפּאָראָזשיע־קאָזאַקן, וואָס האָבן אויסגעקליבן פון זיך אַ פירער — העטמאַן — וועלכער האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף די שכנים. די קאָזאַקן, מיט העטמאַנען בראש, האָבן, צום גרעסטן טייל, זיך באַשעפטיקט מיט רויבערייַ; זיי האָבן אויך צוגעהאָלפן פּוילן אין דער שלאַכט מיט טערקיי. אין 1650 — ווען באָגדאַן כמעלניצקי איז פון די זאַפּאָראָזשיער קאָזאַקן, אויס־געקליבן געוואָרן אַלס העטמאַן — האָט זיך דער רעוואָלט פאַרשפּרייט.

זעקס יאָר האָט באָגדאַן כמעלניצקי אָנגעפירט מיט די קאָזאַקן־באַנדעס, וואָס האָבן טעראָריזירט גאַנץ באַזונדערס די אידישע באַפעלקערונג. אין לויף פון די דערמאָנטע זעקס יאָר, האָבן די אוקראַאינישע פּויערים רעוואָלטירט קעגן די פּאָליאַקן, וואָס זיינען געווען די באַלעבאַטים פון מזרח־אוקראַאינע.

כמעלניצקי האָט דאָס אַלץ באַצייכנט ווי דעם אָנהייב פון אַ נייער עפּאָכע. אין יאָר 1648, האָט ער זיך באַוויזן אַלס פּאַטריאָט און נאַציאָנאַלער פירער.

ווי אַ זון פון אַ קאָזאַקן־אָפיציר, האָט ער געפירט אַן אייגענע לאַנדווירטשאַפט־לעכע באַלעבאַטישקייט.

קומענדיק פון אָרטאָדאָקסיש־אוקראַינישן מיטלקלאַס, איז ער געווען מער געבילדעט ווי אַ דורכשניטלעכער אוקראַינער פון זיין שטאַנד. ער האָט באַ־זוכט אַ יעזואיטן קאָלעדזש אין לעמבערג. נאָך צוויי יאָר געפאַנגענשאַפט, אין קאָנסטאַנטינאָפאָל, טערקיי, האָט ער זיך אויסגעלערנט טאָטעריש און טער־קיש. פאַרמאָגנדיק גרויסע מיליטערישע און אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן, האָט ער געוואוסט ווי אַזוי צו פירן דיפּלאָמאַטישע פאַרהאַנדלונגען. אין זיין פּאָליטיק איז ער ניט געווען אויסגעהאַלטן: ער האָט, צ.ב.ש., זיך פאַרבונדן מיט די טאַטאַרן און טערקן, נאָך דעם מיט מאָסקווע אָדער שוועדן; געמאַכט שלום מיט פּוילן און זיך באַלד אָנגעשלאָסן מיטן לאַגער פון פּוילנס שונאים. אויסגעהאַלטן איז ער געווען בלויז אין איין פּרט: שנאה צו אידן.

ווי אַ וואָרטזאָגער פונעם קאָזאַקישן מיטלקלאַס, איז ער געווען באַזעלט מיט קאָנסערוואַטיווע אידייען און האָט געהאַט דינאַסטישע אַמביציעס. עפּנט־לעך אַרויסטרעטנדיק קעגן די אידן, האָט ער זיינע קאָמאַנדירן און אָפיצירן געגעבן אַ פרייע האַנט, צו טאָן מיט די אידן, וואָס עס האָט זיי געגלוסט; פאַר זייערע גזלנישע מעשים זיינען זיי קיין מאָל ניט באַשטראָפט געוואָרן.

כמעלניצקי האָט זיינע באַגייסטערטע אַרויסהעלפער ניט געקענט באַ־פרייען פון שטייער און פאַנשטשיזנע (שקלאַפן־אַרבעט), וואָרעם ס'איז געווען קעגן די אינטערעסן פונעם קאָזאַקישן מיטלקלאַס, דורכצופירן סאָציאַלע רע־פאָרמען פון דעם מין. האָט ער זיי באַפרידיקט מיט געבן אַ פרייע האַנט צו רויבן די אידן און פּאַליאַקן און פּטור־ווערן פון די קאָנקורענטן אין די שטעט.

באַלד נאָכן אָנהייב פון אַ גרויסן קאָזאַקן־רעוואָלט, האָט כמעלניצקי — מיט דער הילף פון די טאַטאַרן — צעשלאָגן (אין מאַי, 1648) די פּוילישע אַרמיי — אין צוויי גרויסע שלאַכטן: ביי די געלע וואַסערן (זשאָלטי וואָדי) און ביי קאָרסון. ער האָט זיך צוריקגעצויגן ביז בעלא צערקאָוו, כדי דאָרט צו רעאָרגאַניזירן זיינע אַרמייען און פירן דיפּלאָמאַטישע פאַרהאַנדלונגען מיט די פּאָליאַקן. דאָס גאַנצע לאַנד איז געווען אָפן פאַר די אָנפאַלן פון די צווילדע־וועטע, נצחון־פאַרשיכורטע באַנדעס פונעם שטאָטישן און דאָרפישן המון, ווי פון זיין אַרמיי. צו ערשט האָט דער המון זיך געוואָרפן אויף די דערפער און אָפענע קליינע שטעט; געטויט און גערויבט אידן, פּאָליאַקן, קאַטוילישע גלחים און בכלל אַלע אַרענדאַרן און באַאַמטע. אַנטלויפנדיק אין די גרעסערע באַפעסטיקטע שטעט, האָבן אידן געהאָפט דאָרט צו געפינען אַ מקום מקלט. בלויז אידן פון מערב־אוקראַינע האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן; אין די מזרח־פּראָווינצן זיינען די כמעלניצקי־שחיטות געקומען אַזוי פּלוצלונג, אַז די אידן האָבן שוין ניט באַוויזן זיך צו ראַטעווען.

צווישן אַנדערע זיינען אומגעבראַכט געוואָרן די קהילות פון סטראַראַדום, טשערניגאָוו, האָמעל (אין ווייס־רוסלאַנד, אין פּאָלטאַווער פּראָווינץ), לובן, פּערעיאַסלאָוו, פּעריאַטען, באָרישעווקע, לאָכאָוויץ, באַריסאָפּאָל און אַנדערע.

אין קיעווער פּראָווינץ פאַגרעבישטש זשוואַטאָוו. אָבער די סאַמע גרעסטע, שרעקלעכסטע און גרויזאַמע שחיטות זיינען פאָרגעקומען דווקא אין די באַ־פעסטיקטע שטעט פון פּאָדאָליע און וואָלין, וואו אידן האָבן געהאַט געהאָפט צו געפינען אַ זיכערן שוץ. די דאָזיקע בלוטיקע שחיטות — אין נעמיראָוו, טולטשין, באר, אסטרא, פּאָלאָנאָ, זאסלאָוו און אַלט־קאָנסטאַנטין — זיינען געפירט געוואָרן פונעם קאָזאַקן־פירער און פאַנאַטישן אַנטיסעמיט, מאַקסים קריוואנאס (קרומע נאָז). אַ געוועזענער סוחר, האָט קריוואנאס זיך באַוויזן אויף דער פּאָליטישער אַרענע אין יולי, 1648, און איז געשטאָרבן סוף 1650; אָבער אין אָט דער קורצער צייט, האָט ער באַוויזן אומצוברענגען צענדליקער טויזנטער נפשות. ער איז געווען דער גרעסטער דעספּאָט און מערדער; רויבער פון שטעט, דערפער, קירכן, גייסטלעכע, אדל, אידן, אַלטע און קינדער. אַזוי האָט אים, אין מיטלאַלטער, באַצייכנט אַ פּוילישער שרייבער.

קוילענדיק, ברענענדיק און ראַבעווענדיק, האָבן די קאָזאַקן איינצייטיק אויך גרויזאַם און אַכזריותדיק געפּייניקט זייערע קרבנות.

אין די כראָניקעס פון יענע שרעקלעכע צייטן, זיינען אָט די אַלע יסורים און מוראדיקע ענויים באַשריבן געוואָרן פון נתן נטע האַנאָווער; מאיר שמואל, פון שעברעשין; און שבתי כהן. זיי האָבן דערציילט שרעקלעכע איינצלהייטן פון די בלוטיקע פּאָגראָמען.

פונדעסטוועגן זיינען די אידן ניט געווען קיין פּאַסיווע קרבנות. ווי פריער דערמאָנט, האָבן די אידן געוואוסט, ווי אַזוי זיך צו באַנוצן מיט כלי זיין; אין פיל ערטער — נעמיראָוו, פּאָלאָנע, טולטשין, אסטראָ, סאזלאָוו, קאַמענעץ־פּאָדאָלסק, גראד, בעלז, בוטשאַטש, סאקאל, זלאָוויץ, לעמבערג, נאראל, קאַ־טארנע, זאמאָשטש א.אַ. — האָבן אידן געבילדעט אַ טייל פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג, ווערנדיק דערמאָנט ווי פאַרטיידיקער פון די געהעריקע שטעט. אָבער ניט אומעטום האָט די פאַרטיידיקונג געהאַט אַ דערפאָלג.

אין נעמיראָוו, צ.ב.ש., האָבן די קאָזאַקן פשוט אָפּגענאַרט די פאַרטיידי־קער. זיי האָבן אַרויסגעשטעלט פּוילישע פאָנען; די אידן וואָס האָבן געהאַט פאַרטיידיקט די שטאָט, האָבן געמיינט, אַז עס קומט צו הילף פּויליש מיליטער און זיי האָבן געעפנט די טויערן. אַריינמאַרשירט אין שטאָט האָבן די קאָזאַקן — אין איינעם מיט די אוקראַינער — געמאַכט צווישן די אידן אַ גרויסע שחיטה. אידן האָבן זיך געוואָרפן אין טייך אַריין, כדי זיך צו ראַטעווען; די קאָזאַקן האָבן זיי נאָכגעשאָסן, אומברענגענדיק אַ גרויסע צאָל.

„ס'וואַסער איז רויט געוואָרן פונעם בלוט פון די געהרגעטע", האָט פאַר־צייכנט נתן נטע האַנאָווער, אין זיינע באַשרייבונגען, וואָס זיינען איבערגע־דרוקט געוואָרן אין ווילנע, אין 1938.

אין טולטשין זיינען געווען 1500 באַוואָפנטע אידן און 600 פּאָליאַקן. די אידן און די פּאָליאַקן האָבן ביי זיך אָפּגערעדט אין איינעם צו פאַרטיידיקן די שטאָט פון די אוקראַינישע מערדער.

ניט גרינג איז די קאָזאַקן אָנגעקומען צו פאַרנעמען די שטאָט, וואָס איז

געווען אַ שטאַרקע פעסטונג. די קאָזאַקן האָבן צו וויסן געגעבן די פּאָליאַקן, אַז די פּוילישע באַפעלקערונג וועט געשאַנעוועט ווערן, אויב מ׳וועט זיי אי־בערגעבן די שטאָט. האָבן די פּאָליאַקן באַשלאָסן מקריב־צו־זיין די אידן, כדי זיך אַליין צו ראַטעווען, און זיינען איינגעגאַנגען אויפן פּאָרשלאַג. די אידן האָבן זיך וועגן דעם דערוואוסט און וואָלטן זיך געקענט מיט די פּאָליאַקן אָפּ־רעכענען; פונדעסטוועגן, האָבן זיי עס ניט געטאָן, מורא האָבנדיק, אַז ס׳קען זיך מעגלעך אָפּרופן אויפן גורל פון אידן אין גאַנץ פּוילן.

צענויפטרייבנדיק די אידן אין איין אָרט, האָבן די קאָזאַקן אויפגעשטעלט אַ פאָן און אויסגערופן:

ווער ס׳וויל לעבן בלייבן, זאָל אַהערקומען און זיך זעצן אונטער דער דאָ־זיקער פאָן, און זיך שמדן.

קיין איינציקער איד האָט זיך פון אָרט ניט גערירט.

דער סוף איז געווען, אַז אַלע 1500 אידן זיינען, דורך די קאָזאַקן, אויס־געשאָכטן געוואָרן.

דער אָפּמאַך מיט די קאָזאַקן האָט די פּאָליאַקן ניט געראַטעוועט ס׳לעבן; אויך זיי זיינען אַלע פאַרטיליקט געוואָרן.

אין פּאָלאָנע האָבן זיך געפונען אַן ערך 12,000 אידן, צענויפגעלאָפענע פון אַרומיקע שטעט און שטעטלעך.

די טאָפּלטע טויער־וואַנט וואָלט געקענט דערמעגלעכן אויסצוהאַלטן די באַלאַגערונג; אָבער די פּאָליאַקן, וואָס האָבן געזאָלט פאַרטיידיקן די שטאָט, האָבן פאַרראַטן און די פעסטונג איז געפאַלן.

פיל פּאָליאַקן זיינען, רייטנדיק אויף פערד, אַנטלאָפן פון דער שטאָט; די אידן האָט מען ניט געלאָזט אַנטלויפן און זיי פאַרטיליקט, אויסער אַ קליינער צאָל וואָס זיינען, דורך די טאַטאַרן פאַרנומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט.

גאָר אַנדערש איז געווען אין לעמבערג. דאָרט האָט מיט דער באַלאַגע־רונג פון דער שטאָט אָנגעפירט כמעלניצקי אַליין (אָקטאָבער, 1648). די לעמ־בערגער בירגער האָבן צו כמעלניצקין אַרויסגעשיקט אַ דעלעגאַציע — וואָס האָט איינגעשלאָסן אידישע פאָרשטייערס — כדי מיט אים צו פאַרהאַנדלען.

כמעלניצקי האָט געשטעלט אַ תנאי, מ׳זאָל אים אַרויסגעבן די אידן; די קריסטלעכע בירגער פון לעמבערג זיינען אָבער דערויף ניט איינגעגאַנגען, אָנגעבנדיק צוויי טעמים:

ערשטנס, דאָס וואָס די אידן האָבן, אין איינעם מיט די אַנדערע בירגער, פאַרטיידיקט די שטאָט; וואָלט דעריבער געווען ניט־עטיש זיי צו פאַרראַטן;

און צווייטנס, דאָס וואָס די אידן זיינען געווען דעם קעניגס דינער, האָט דעריבער די שטאָט איבער זיי קיין שליטה ניט געהאַט.

נאָך אַ צוויי־וואָכיקער באַלאַגערונג, האָט כמעלניצקי באַשלאָסן זיך צו־ריקצוציען פון לעמבערג, באַנוגנדיק זיך מיט אויסקויף־געלט, וואָס די שטאָט האָט אים געהאַט באַצאָלט.

אין עטלעכע שטעט זיינען אידן געראַטעוועט געוואָרן דורכן פּוילישן

מיליטער, באַזונדערס דורך די אָפּטיילונגען פונעם פוילישן פירשט יערמיי ווישניוועצקי, וואָס האָט געהאַט אָפּגעראַטעוועט די נאָך לעבן געבליבענע רעשטלעך אידן פון די שטעט זאסלאַוו, אסטרע, גרויס מעזעריטש און וואָלינער געגנט.

כמעט אַ יאָר האָבן געדויערט די קאָזאַקישע שחיטות און פּאָגראָמען. די מערדער־באַנדעס האָבן פאַרכאַפּט ניט נאָר אוקראַינע; זיי זיינען אַוועק ווייטער, אין די לובלינער און בעלזער וואָיעוואָדשאַפטן (ראַיאָנען). שחיטות זיינען דורכגעפירט געוואָרן אין לובלין, שעברעשין, נאראל, זאמאָשטש, טאָמאַשאָף־אַבעלסקי; אויך אין אַנדערע געגנטן, ווי פינסק (פּאָלעסיע) און האָמעל (ווייס־רוסלאַנד).

סוף־כל־סוף איז געקומען — אין זאבראָוו, אין אויגוסט, 1649 — צו אַ ריס צווישן די פּאָליאַקן און כמעלניצקין. לויט דעם זאבראָווער אָפּמאַך, האָבן די דריי וואָיעוואָדשאַפטן — קיעוו, טשערניגאָוו און בראצלאַוו — געקראָגן אויטאָנאָמיע. אידן האָבן אָבער אין די דאָזיקע ראַיאָנען מער ניט געטאָרט פאַרבלייבן.

צוריקקערנדיק זיך צו זייערע היימשטעט אין — וואָלין און אין פּאָדאָליע — האָבן אידן גענומען אויפבויען זייערע חרובע וואוינונגען.

לאַנג אָבער האָט דער שלום ניט געדויערט. אין גיכן איז גאַנץ פוילן פאַרפלייצט געוואָרן פון פרעמדע חיילות: שוועדישע, דייטשע, טערקישע, טאַטאַרישע, רוסישע. במשך פון עטלעכע יאָר (1648 — 1657) האָט די פוילישע מלוכה פּאַקטיש אויפגעהערט צו עקזיסטירן.

אויך כמעלניצקי האָט באַשלאָסן אויסצונוצן די געלעגנהייט, שליסנדיק אַן אָפּמאַך מיט מאָסקווע און איז — אין איינעם מיט איר — אָנגעפאַלן אויף פוילן.

אויף ס׳ניי זיינען פאָרגעקומען פּאָגראָמען און שחיטות אין אַ ריי שטעט. ווידער אַ מאָל האָט זיך כמעלניצקי אָפּגעשטעלט ביי לעמבערג, זיך צוריקציענדיק פון דאָרט אָן ווען ס׳איז דערפּאָלג. דורכגייענדיק לובלין, האָבן זיינע מיליטער־באַטאַליאָנען, אין איינעם מיט די רוסן, אויסגעשאָכטן די רעשטלעך פון דער באַפעלקערונג.

דער רעזולטאַט פון די מערדערייען איז געווען אַ גרויזאַמער; גאַנץ פוילן האָט געליטן פון חורבן, גזילה אָדער פּאָרגאָמען. ניט ווייניקער האָבן געליטן די 700 אידישע קהילות; אין אוקראַינע, זיינען כמעט אַלע אידישע געמיינדעס חרוב געוואָרן.

די שרייבערס און כראָניקערס פון יענער עפּאָכע האָבן געפּרואווט מאַכן אַ סך־הכל פון דער צאָל אידישע קרבנות אין אוקראַינע; זייערע חשבונות און סטאַטיסטיק זיינען מערסטנס אָבער ניט פון דאָקומענטאַרן ווערט.

ס׳איז אָבער כדאי איבערצוגעבן אייניקע פון די דאָזיקע ציפערן, וואָרעם זיי זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַרן רושם וואָס די דערמאָנטע שחיטות האָבן געמאַכט.

...לויט ווי ס׳גיט איבער דער פריער־דערמאָנטער כראָניקער, נתן נטע האַנאָווער (וואָס האָט אַליין געהאַט איבערגעלעבט די שווערע צייטן, אין אוקראַינע, ביז זיין אַנטלויף פון דאָרטן), האָט די צאָל דאָרטיקע אויסגעקוילע־טע אידן געגרייכט אַ האַלבן מיליאָן.

...ווי ס׳דערמאָנט מנשה בן ישראל — האָלענדישער אידישער געלערנ־טער און געזעלשאַפטלעכער טוער (אין זיין פּעטיציע צום ענגלישן פּאַרלאַמענט, אין יאָר 1655, וואָס איז נוגע אידישער איינוואַנדערונג קיין ענגלאַנד) האָט די צאָל קרבנות אין פּוילן, ליטע און אוקראַינע דערגרייכט 180,000.

קען די דאָזיקע טרויעריקע סטאַטיסטיק אויף אַ דירעקטן אופן אַנאַליזירט ווערן, ווען מען נעמט אין באַטראַכט די צאָל פון דער אידישער באַפעלערונג אין 1648 : אין אוקראַינע, צ.ב.ש., האָבן זיך דעמאָלט געהאַט געפונען לערך 750,000 אידן, פון וועלכע נאָר עטלעכע טויזנט האָבן זיך געראַטעוועט.

נאָך כמעלניצקיס טויט (1657), האָט זיך ס׳לאַנד אַביסל באַרואיקט ; מיט צען יאָר שפּעטער איז געקומען צו אַ פּערמאַנענטן שלום. מאָסקווע האָט דע־מאָלט באַקומען אַ טייל פון דער אוקראַינע.

לאַנגזאַם האָבן אוקראַינער אידן זיך אָנגעהויבן צוריקצוקערן צו זייער היימלאַנד און צוריק איינשטעלן זייערע חרובע וואוינונגען. פון איין זייט, זיינען צוריקגעקומען די אַנטלאָפענע פון פּוילן ; פון דער צווייטער זייט — דער צוריקקער פון די אידן פון טאַטאַרישער געפאַנגענשאַפט.

אין די גרויסע אידישע קהילות אין טערקיי — קאָנסטאַנטינאָפּאָל און סאַ־לאָניקי — איז אונטערגענומען געוואָרן אַן ענערגישע אַקציע, אויסצולייזן די אידן וואָס זיינען נאָך אַלץ געווען געפאַנגענע.

אין לויף פון 1650־1652 זיינען פיל אידישע קהילות — אין איטאַליע און האָלאַנד — באַזוכט געוואָרן פון אַ שליח פון די קאָנסטאַנטינאָפּאָלער אידן, דוד קאַראַקאַסאני, לטובת אַ געלט־זאַמל־אַקציע, פאַר הילף פון דיליידנדיקע אידן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. ביים דערמאָנטן רעטונג־קאַמפּיין האָט די אידישע קהילה אין ליוואָרנע, איטאַליע, בייגעשטייערט — אין 1655 — אַ פערטל פון איר איינקונפט ; באַדייטנדיקע סומען זיינען געזאַמלט געוואָרן אין די שטעט ווענעדיג, איטאַליע און אַמסטערדאַם, האָלאַנד. אין דער אַקציע אויסצולייזן די דערמאָנטע געפאַנגענע האָבן זיך אויך באַטייליקט די אידישע קהילות פון פּוילן, נאָך זייער ווידעראויפריכטונג פון גרויסן חורבן.

אויך מיטגעהאָלפן האָבן די אידן פון האַמבורג, דייטשלאַנד. די אידן פון פּויזן, דייטשלאַנד, האָבן צוויי מאָל געשיקט שליחים קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, אין שייכות מיטן ענין הילף. אויך האָבן בייגעשטייערט די ליטווישע אידן, אַסיגנירנדיק באַדייטנדיקע סומען פאַר דעם צוועק.

דער זכר פון די אומשולדיקע קרבנות האָט זיך טיף איינגעקריצט אין האַרץ פונעם אידישן פאָלק ; די וואונד איז קיין מאָל ניט פאַרהיילט געוואָרן.

די דערמאָנטע טראַגישע עפּאָכע אין דער אידישער געשיכטע — בעת די יאָרן 1648־1657 — האָט אויך געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אויף די מער

ציוויליזירטע אייראָפּעאישע מדינות, און ווי דער רעזולטאַט פון אַ שטאַרקן דרוק — דורך ענגלאַנד, ווי דורך אַנדערע ליבעראַלע מלוכות — האָבן זיך די שחיטות אָפּגעשטעלט.

אינעם נייעם אָפּמאַך צווישן פּוילן און כמעלניצקין — אין בעלאָצערקאָוו (1651) — איז אַריינגעשריבן געוואָרן אַ פּונקט, אַז אידן מעגן בלייבן וואוינען דאָרט, וואו זיי געפינען זיך; אָבער אַ זייער קליינע צאָל נפשות איז געבליבן, צו געניסן פון דער פּריווילעגיע.

אין יאָר 1667, איז די אוקראַינע דורכן פּויליש־אוקראַינישן שלום־אָפּ־מאַך — צעטיילט געוואָרן אין צוויי זאָנעס:

(א) דער טייל אוקראַינע אויפן לינקן ברעג דניעפּער — ווי אויך קיעוו און אומגעגענט — זיינען אַריבער צו רוסישער הערשאַפט;

און (ב) אונטער פּוילישער ממשלה — די בראַצלאַוו און קיעווער ראַיאָ־נען — ווי אויך גאַנץ וואָלין און פּאָדאָליע.

ווי דער רעזולטאַט פון פּוילנס אָפּשוואַך — אין די פּאָגראָמען און די רייסערייען אין לאַנד — האָבן (אין די יאָרן 1700 — 1710) אויף ס'ניי אויפ־געלעבט די קאָזאַקן־באַנדעס אין אוקראַינע. ס'האָבן זיך אָרגאַניזירט די אַזוי גערופענע „היידאַמאַקעס" (אַרומשלעפּער, בונטאַרן), וואָס האָבן זיך געלאָזט וואוילגיין — דורך ראַבעווען און אומברענגען אידן און פּאָליאַקן צו גלייך.

בעת די דאָזיקע היידאַמאַק־אומרוען (אין 1734, ווי אויך אין 1736־1738) זיינען פּאָגראָמירט געוואָרן אַ ריי שטעט:

... אין פּאָדאָליער, וואָלינער, קיעווער און בראַצלאַווער ראַיאָנען;

... ספּעציעל אין די שטעט וויניצע, ליטיטשעוו, טאַשנע, פּאַסטאָוו, אומאַן, גראַנאָוו, ראַדאמישל, א. אַ.

בעת די דערמאָנטע איבערפאַלן, האָבן היידאַמאַקעס צעשטערט און צע־ראַבירט אידיש און פּויליש פאַרמעגן — דורך שחיטות אויף דער באַפעל־קערונג. כדי צו פאַרשטאַרקן דעם אויפשטאַנד קעגן פּוילן, האָט רוסלאַנד — וואָס האָט זיך באַמיט, אַז פּוילן זאָל בלייבן אין אַ צושטאַנד פון אַנאַרכיע און הילפלאָזיקייט — געהאָלפן אָרגאַניזירן די היידאַמאַקישע אויפשטאַנדן.

אַז ס'איז אָנגעקומען גאַנץ לייכט אויפצוהעצן די היידאַמאַקעס, איז צו זען דערפון, וואָס רוסלאַנד האָט — זייט אַ לענגערער צייט — זיך באַטראַכט ווי אַ באַשיצערין פון די פּראַוואָסלאַווע אין פּוילן.

דער צענטער פון דער פּראַוואָסלאַווער פּראָפּאַגאַנדע איז געווען אַ קלויסטער, לעבן זשאבאטין, אין דער רוסישער אוקראַינע, דער מאָנאַסטיר־אָנפירער — מיילכיסעדעק אויאסקע — האָט דאָרט אָפּגעהאַלטן באַראַטונגען מיט היידאַמאַקישע פירערס, בפרט מיטן זאַפּאָראָזשיער קאָזאַק, מאַקסים זשעליעזניאַק. ס'איז פאַרשפּרייט געוואָרן אַ כלומרשטער אויפרוף פון דער רוסישער קייסערינע — קאַטערינע די צווייטע — וואָס האָט פאַראָרדנט דעם קאָזאַק מאַקסים זשעלעזניאַק, אַריבערצוגיין דעם דניעפּער און אויסשעכטן

אין דער פּוילישער אוקראַינע, „מיט גאָטס הילף, אַלע פּאָליאַקן און זשידעס (אידן), וואָס לעסטערן אונדזער הייליקן גלויבן".

אַ מחנה היידאַמאַקעס האָט זיך — אין אַפּריל, 1768 — אַ לאָז געטאָן איבער די שטעט און שטעטלעך פון קיעווער געגנט: סמילא, טשערקאַס, קאָר־סין, באָגאָסלאַוו, טעטיעוו און אַנדערע ערטער; אומעטום זיינען געטויט גע־וואָרן אידן, פּאָליאַקן און קאַטוילישע גלחים.

אין אַ האַנט־געשריבענער צייטונג אין וואַרשע (1768), איז איבערגעגעבן געוואָרן, אַז אין לוסיאַנקע זיינען — דורך די היידאַמאַקעס — אויפגעהאָנגען געוואָרן, אויף אַ בוים, אַ פראַנציסקאַנער גלח, אַ פּאָליאַק, אַ איד און אַ הונט. דער בוים האָט געטראָגן דעם אויפשריפט: „דער פּאָליאַק, דער איד און דער הונט זיינען אַלע פון דעם זעלבן גלויבן".

אַ פּחד איז געפאַלן אויף די אידן, און זיי האָבן גענומען לויפן פון די אָפענע, קליינע שטעטלעך צו דער באַפעסטיקטער שטאָט אומאַן, וואו ס'האָט זיך געפונען אַ שטאַרקער מיליטערישער גאַרניזאָן.

אַנטשלאָסן ניט צו דערלאָזן, אַז די שטאָט זאָל — דורך זשעלעזניאַקן — ניט באַלאַגערט ווערן, האָט דער פּוילישער קאָמאַנדיר, סלאַדאַנאָוויטש, אַרויס־געשיקט קעגן אים אַ שטאַרקן אָפּטייל פון קאָזאַקישער הילף־מיליץ, אונטערן אָנפיר פון סאָטניק (עלטסטער פון הונדערט) איוואַן גאָנטע, וועלכער האָט אָבער פאַרראַטן די פּאָליאַקן און איז — מיט זיין גאַנצער מחנה — אַריבער צו זשעלעזניאַקן.

נאָך דעם איז די שטאָט — דורך ביידע קאָזאַקן־פירערס — באַלאַגערט געוואָרן; זיי האָבן אָנגעהויבן פאַרהאַנדלונגען מיט סלאַדאַנאָוויטשן.

דער פּוילישער קאָמאַנדיר האָט מסכים געווען אַריינצולאָזן די קאָזאַקן, בתנאי, אַז זיי זאָלן לאָזן די פּאָליאַקן אַרויסגיין פון שטאָט. ווען די קאָזאַקן האָבן זיך אַריינגעריסן אין שטאָט, האָבן זיי — דעם 18טן יוני, 1768 — גע־מאַכט אַ שרעקלעכע שחיטה אויף די טויזנטער דאָרט־פאַראַנענע אידן; שפּע־טער־צו, האָבן זיי אויסגעקוילעט אויך די פּאָליאַקן, צווישן זיי — קאָמאַנדיר סלאַדאַנאָוויטשן.

לויט אַ היסטאָרישן באַריכט, זיינען אין אומאַן אומגעבראַכט געוואָרן אַן ערך 20,000 אידן און פּאָליאַקן.

איינצייטיק, האָבן אַנדערע — קלענערע — באַנדעס אויסגעראָטן די פּאָליאַקן און אידן: אין פאַסטאָוו, זשוויאַטאָוו, מאַקאַראָוו און אַנדערע שטעט. אַ גרויסער פּחד האָט אָנגעוואָרפן אויף דער באַפעלקערונג — מיט זיינע אַכזריותן — אַ היידאַמאַק־פירער, שווארטקא, וואָס האָט, אין פאַסטאָוו, אַליין, אויסגעשאָכטן איבער 700 אידן און פּאָליאַקן.

אין באַלטע — אַ האַנדלס־צענטער, ביי דער דעמאָלטיקער טער־קיש־פּוילישער גרענעץ — זיינען, דורכן היידאַמאַקער סאָטניק, פּילא — אויסגעקוילעט געוואָרן, אינעם פּוילישן שטאָטטייל די דאָרטיקע אידן אין אײנעם מיט פּאָליאַקן און מאָלדאַוואַנער. באַלד אָבער נאָך דעם, ווי זיינע

חילות האָבן פאַרלאָזן די שטאָט, זיינען פון טערקיש באַלטע (אויף יענער זייט קאָדימע טייך) אַריין אין דער פוילישער באַלטע — אידן און טערקן, וואָס האָבן זיך מיט די איבערגעבליבענע היידאַמאַקעס און זייערע דאָרטיקע מיטהעלפער אָפּגערעכנט.

סוף־כל־סוף, האָבן די היידאַמאַקישע שחיטות און רויבערייען דערפירט צו אַ בשותפותדיקער פויליש־רוסישער אַרמיי־אינטערווענץ.

נאָך דעם ווי רוסלאַנד האָט אירס דערגרייכט צו דערשטיקן די קאָנפע־דעראַציע אין בלוט — האָט זי זיך געמאַכט ניט־וויסנדיק, אָפּלייקענענדיק יעדער קאָאָפּעראַציע מיט די היידאַמאַקעס. נאָכמער, זשעליעזניאַק און יאַ־וואַרסעק זיינען — דורך דעם רוסישן מיליטער — אַרעסטירט געוואָרן און פאַרשיקט קיין סיביר. גאָנטאַ, אַ פּוילישער אונטערטאַן, איז — דורך אַ פּוי־לישן געריכט — פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. לערך 6,000 אידן זיינען, דורך די דערמאָנטע מערדערס, אויסגעשאָכטן געוואָרן. דערביי איז וויכטיק אין זינען צו האָבן, אַז די גאַנצע דעמאָלטיקע באַפעלקערונג — אינעם אָנגעגע־בענעם קליינעם געגנט — האָט געציילט אַן ערך פון הונדערט טויזנט נפשות.

אין 1764 איז, אַלס קעניג פון פוילן דערוויילט געוואָרן פּאָניאַטאָווסקי — אַ געבילדעטער, פּראָגרעסיווער מענטש, וואָס האָט זיך באַמיט אַרויסצופירן ס׳לאַנד פון אַנאַרכיע און דורכפירן פאַרשידענע רעפאָרמען; דערצו האָבן אויך געשטרעבט געבילדעטע קרייזן פון די פוילישע מאַגנאַטן, וואָס האָבן געשטיצט דעם קעניג און זיינע פּלענער. אָבער ס׳רוב פון די הערשנדיקע קלאַסן איז געווען קאָנסערוואַטיוו, רעאַקציאָנער, ווייניק געבילדעט און פיינט־לעך צו רעפאָרמען. די רעפאָרם־באַוועגונג איז בכלל־געקומען צו שפּעט. די אַנאַרכיע אין פוילן האָט שוין דערגרייכט אַזאַ מדרגה, אַז די שכנותדיקע מלוכות — פּרייסן, רוסלאַנד און עסטרייך — האָבן אָנגעהויבן טראַכטן וועגן צעטיילן פוילן צווישן זיך. זיי זיינען דעריבער ניט געווען פאַראינטערעסירט אין דעם, אַז פוילן זאָל אויף ס׳ניי געשטאַרקט ווערן — מיליטעריש, עקאָנאָ־מיש, פּאָליטיש — און האָבן געשטערט די רעפאָרם־באַוועגונג דורך אינטרי־געס און אינטערווענץ. בפרט האָט זיך רוסלאַנד זייער שטאַרק אַריינגעמישט אין די אינערלעכע ענינים, אין פוילן, באַרעכטיגנדיק אין האַנדלונג דורך פאַרשידענע תירוצים: די בארער קאָנפעדעראַצע, די היידאַמאַקן־אויפשטאַנדן, אונטערדריקונג פון דער גריכיש־אָרטאָדאָקסישער קירך אין פוילן, א. אַ.

✶ באַנוצנדיק זיך מיטן תירוץ, אַז פוילן אַליין קען ניט באַווייזן אָנצו־האַלטן אָרדענונג אין לאַנד, האָבן די שכנותדיקע מלוכות דורכגעפירט — אין 1772 — די ערשטע צעטיילונג פון פוילן:

✶ אין די יאָרן 1793 — 1795, זיינען פאָרגעקומען די צווייטע און דריי־טע צעטיילונגען פון פוילן און די זעלבסטשטענדיקע פוילישע מלוכה האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן.

(א) אין דער צווייטער צעטיילונג האָט רוסלאַנד צוגענומען דעם גרעסטן

טייל פון דער פוילישער־אוקראַינע: קיעווער און בראָצלאַווער געגנטן, פּאָ־דאָליע, מזרח־וואָלין;

(ב) און אין דער דריטער צעטיילונג, האָט רוסלאַנד אַנעקסירט מערב־וואָלין.

ווי דער רעזולטאַט, איז גאַנץ אוקראַינע — פון ביידע זייטן דניעפּער — געוואָרן אַ טייל פון גרויס רוסלאַנד.

דער שרייבער פון דעם דאָזיקן טראַגישן אַנאַליז וויל איצט אויפקלערן, פאַרוואָס עס איז דאָ איבערגעגעבן געוואָרן די היסטאָרישע כראָנאָלאָגיע און ווי אַזוי די אוקראַינער האָבן זיך אויפגעפירט, בנוגע זייערע מיט־פעלקער, וואָס האָבן זיך געפונען אין די גרענעצן פון דער אוקראַינער טעריטאָריע.

קודם: אין די פיל היסטאָרישע באַריכטן וועגן אויפקום פון דער רוסי־שער מלוכה, ווערן זייער ווייניק דערמאָנט די אוקראַינישע צייטווייליקע רע־גירונגס־פירערס; נאָך ווייניקער ווערן דערמאָנט די פאַרברעכנס, באַגאַנגען — דורך די כמעלניצקיס און אַנדערע באַנדיטן — קעגן דער אידישער מענ־דערהייט, קעגן דעם אידישן פאָלק.

אין אַ ריי זייער וויכטיקע ווערק — געשריבן פון באַוואוסטע היסטאָריקער און פאָרשערס, וואָס אַמבאַלאַנגט דעם לעבן צווישן 17טן און 18טן יאָרהונ־דערט אין דער אוקראַינע, — ווערט דער גאַנצער ענין פון דער אויס־מאָרדונג פון אומשולדיקע מענטשן פאַרצייכנט מיט עטלעכע ווערטער.

ס׳ווערט פון אַלעמען אָנערקענט, אַז ס׳אידישע פאָלק, דערצויגן אין גייסט פון דער ביבל, האָט צוגעטראָגן אַ גרויסן טייל צו דער מענטשלעכער ציוויל־ליזאַציע און פּראָגרעס. אין די לענדער וואו אידן האָבן געוואוינט, האָבן זיי באַדייטנדיק בייגעשטייערט צו דער אַנטוויקלונג פון קולטור, וויסנשאַפט, לי־טעראַטור, מעדיצין און אַנדערע געביטן, לטובת דער גאַנצער מענטשהייט. די מלוכות, וואָס האָבן געהאַט פאַרטריבן אידן פון זייערע לענדער — ווי דער רעזולטאַט פון רעליגיעזע און אַנדערע סיבות (אַ ביישפּיל, גירוש שפּאַניע, אין יאָר 1492), האָבן, נאָך אָט דעם פאַרטרייבן, קיין גרויסן ווייטערדיקן פאָרט־שריט ניט געמאַכט.

צווישן אַנדערע, אין אָט דער קאַטעגאָריע, איז געווען די אוקראַינע וואָס האָט — אין לויף פון עטלעכע הונדערט יאָר — פאַרצייכנט אַ קנאַפּן פּראָגרעס. בעת די פיל אָפּגעלאָפענע דורות, האָט זי געהאַט פיל געלעגנהייטן צו שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע אויף דער וועלט־אַרענע און ווערן אַ זעלבשטענדיקע מדינה. אוקראַינע איז אָבער קיין מאָל ניט געוואָרן זעלבשטענדיק.

פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה (1914) האָט אוקראַינע — אונטער דער הערשאַפט, און ווי אַ טייל, פון דער רוסישער אימפּעריע — געציילט אַ 30 מיליאָניקע באַפעלקערונג: ד.ה. אַ פערטל פון אַלע פעלקער אינעם רוסישן לאַנד. געפינענדיק זיך אויף אַ פרוכטבאַרן באָדן, האָט זי באַזאָרגט — מיט שפּייז און אַגריקולטור־פּראָדוקטן — סיי רוסלאַנד, סיי די שכנותדיקע לענדער. די אוקראַינע האָט אויך פאַרמאָגט גרויסע זאַפּאַסן אין קוילן, ווי אויך פיינע

קאָמוניקאַציע־מיטלען. ס׳איז אַ מדינה פון פיל וועלדער און וואַסערן.

ניט געקוקט אויף אירע נאַטירלעכע רייכטימער, א.אַ. האָט זי אָבער ניט באַוויזן אַרויסצוגעבן וויכטיקע פירער, אָדער גרויסע נאַציאָנאַלע פיגורן, מיטן אויסנאַם פונעם באַדייטנדיקן דיכטער, טאַראַס שעווטשענקע. אַלע איבעריקע נאַציאָנאַלע פּערזענלעכקייטן זיינען געווען פון אַ נידעריקן ניוואָ.

ס׳דאַרף פאַרצייכנט ווערן, אַז באַגדאַן כמעלניצקי ווערט — דורך די באָלשעוויקעס — אָנערקענט ווי אַן אוקראַינער העלד; אויך אָנערקענט די סאָוועטן־מאַכט, ווי העלדן, די אַנדערע אוקראַינישע באַנדיטן, וואָס האָבן זיך דערוואָרבן אַ נאָמען מיט אויסמאָרדונג און מיטן האָבן באַגאַנגען פאַרשידענע אוממענטשלעכע טאַטן.

אינעם ווייטערדיקן איבערבליק — אין אָט דעם אַנאַליז — וועט אָנגעצייכנט ווערן, וואָס אַזוינס אוקראַינע האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט, נאָכן סוף פונעם ערשטן וועלט־קריג (1917 — 1920); וואָס ס׳איז אינעם דאָזיקן לאַנד פאָרגעקומען, נאָכ׳ן סאָוועטישן איבערנעם פון דער מאַכט; און ווי אַזוי די אוקראַינישע פירער און נאַציאָנאַלע העלדן האָבן זיך באַמיט צו פאַרוואַנדלען זייער פאָטערלאַנד אין אַ באַזונדער אוקראַינישן שטאָט. אויך וועט אויפגעקלערט ווערן, וואָסערע מיטלען זיי האָבן אָנגעווענדט, צו דערגרייכן זייער ציל, ווי אויך דער פאַקט, אַז זיי האָבן געלייטן די גרעסטע מפּלה אין זייער לאַנגיאָריקער געשיכטע ביים פאַרזוך צו דערגרייכן זעלבסטשטענדיקייט פאַר זייער מלוכה.

***

מיר וועלן זיך איצט אָפּשטעלן אויף דער צווייטער עפּאָכע פון דער נאַציאָנאַלער אוקראַינישער באַוועגונג, באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה (1917 — 1920).

אין דער צייט ווען רוסלאַנד האָט פאַרלוירן דעם קריג און די מאַכט איז פאַרכאַפּט געוואָרן דורך די באָלשעוויקעס, האָבן די אוקראַינער געפּרואווט זיך אָפּצורייסן פון דער רוסישער אימפּעריע.

בעת די פריער־דערמאָנטע שטורעמדיקע געשעענישן, האָבן אויך ליטע, לאַטוויע, עסטאָניע און פינלאַנד זיך אָפּגעטיילט פון סאָוועט־רוסלאַנד; דערויף זיינען די באָלשעוויקעס געווען געצוואונגען מסכים צו זיין ביים שליסן דעם שלום מיט די דייטשן, אין ברעסט־ליטאָווסק. יעדנפאַלס, האָבן די אוקראַינער געמיינט, אַז ס׳איז די פּאַסיקע צייט צו קעמפן פאַר זייערע נאַציאָנאַלע רעכט, איינצואָרדענען אַן אייגענע מלוכה; אויפצולעבן די אוקראַינישע שפּראַך, קולטור, א. אַ.; און דערהויפּט, איינצופירן אַ דעמאָקראַטישע אָרדענונג, מיט אַן אייגענעם פּאַרלאַמענט: אויב ניט אין כאַרקאָוו, וואָס ס׳וואָלט איינגעשלאָסן אויך די גובערניעס פון דער לינקער זייט פון דניעפּער, איז, צום ווינציקסטנס, די געגנטן פון דער לינקער זייט דניעפּער, מיט קיעוו אַלס הויפּטשטאָט, צוגעבנדיק פּרעסטיזש צו דער אוקראַינער מלוכה.

ס׳דאַרף אָנערקענט ווערן, אַז ס׳האָט פריער ניט עקזיסטירט וועלכע עס

איז וויכטיקע נאַציאָנאַלע אוקראַינישע אָרגאַניזאַציע, זיך צו שטעלן בראש פון אַזאַ גרויס־פאַרנעמיקער אויפגאַבע ווי דאָס אָרגאַניזירן און אָנפירן אַן אייגענע מלוכה. אין די גרויסע — ווי אין די קליינע — אוקראַינישע שטעט, איז רוסיש געווען די אומגאַנגשפראַך, אין וועלכער די באַפעלקערונג פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן איז דערצייגן געוואָרן. די דאָרטיקע צייטונגען, שולן, ביבליאָטעקן א. אַ., זיינען געווען אויף דער זעלבער מדרגה ווי אין די צענטראַלע רוסישע שטעט. די פויערים האָבן גערעדט אוקראַיניש און האָבן קנאַפּ געלערנט אָדער געלייענט אוקראַיניש אָדער רוסיש.

אין דער ערשטער דעמאָנסטראַציע — אין קיעוו, אין 1918 — האָבן זיך באַטייליקט אַן ערך פון 100,000 מענטשן; מעגלעך, אַז אַ גרויסער טייל פון דער באַפעלקערונג, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין דער דעמאָנסטראַציע, האָט געהאָפט, אַז אין אַ זעלבשטענדיקער אוקראַינישער מלוכה וועט אפשר דאָס לעבן זיין בעסער ווי אונטער די באָלשעוויקעס.

מיט דער צייט, זיינען אַרויסגערוקט געוואָרן אין פאָדערגרונט אוקראַינישע פירערס, וואָס האָבן איינגעאָרדנט אַן אַדמיניסטראַטיוון אַפּאַראַט; עס האָבן אויך געשפילט אַ באַדייטנדיקע ראָלע אַ צאָל קאָלעדזש־פּראָפעסאָרן און אַנדערע אינטעלעקטואַלן, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט לטובת דעם אוקראַינישן אויפבוי.

ס'איז כדאַי צו דעמאָנען, אַז די אוקראַינער פון מזרח (גאַליציע, טייל בוקאָווינע אין קאַרפּאַטן־רוסלאַנד) זיינען געווען אונטער פּוילישער הערשאַפט. זיי זיינען געווען קליין אין צאָל; זייענדיק פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, אונטער עסטרייך־אונגאַרנס מאָנאַרכיע־הערשאַפט, האָבן זיי זיך דערוואָרבן אַ ריי פרייהייטן, באַזונדערס אויפן קולטורעלן געביט.

צווישן מזרח און מערב־אוקראַינע האָבן קיין שום פאַרבינדונגען ניט עקזיסטירט.

די מערב־אוקראַינער האָבן פון זיך אַרויסגעגעבן אַ פיינע אינטעליגענץ. נאָך דעם, ווי פּוילן האָט — סוף 1917 — געשלאָסן שלום און איז געוואָרן אַן אומאָפּהענגיקע מדינה, זיינען די מערב־אוקראַינער, דורך די פּאָליאַקן, אונטערדריקט געוואָרן.

די פּאָליאַקן האָבן — צוליב פאַרשידענע אורזאַכן — זיך ווייניק וואָס גערעכנט מיט די אינטערעסן פון די קלענערע פעלקער אין זייער אייגענעם לאַנד. איינע פון די סיבות דערפון איז געווען דאָס, וואָס די פּאָליאַקן זיינען קאַטאָליקן און די אוקראַינישע רעליגיע איז גריכיש־אָרטאָדאָקסיש.

די פּוילישע רעגירונג האָט אונטערדריקט די אידישע מינדערהייט, וואָס האָט געציילט אַן ערך צען פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג.

עטלעכע יאָר נאָך דעם, ווי פּוילן איז געוואָרן אַ זעלבשטענדיקע מדינה, איז דער פּוילישער מיניסטער פאַר אויסערלעכע ענינים, וו. בעק, אַרויסגעפאָרן אין פאַרשידענע לענדער — אַפילו קיין אַפריקע — כדי צו זוכן אַ מעגלעכן אָרט, וואו צו באַזעצן אידן, בכדי זיי אַרויסצושיקן פון פּוילן.

די פוילישע אידן האָבן געהאַט געוואוינט אויף דער פוילישער טעריטאָ־ריע אַן ערך פון טויזנט יאָר — ווען ס׳לאַנד האָט נאָך געהערט צו פאַרשידענע שבטים. אידן האָבן געהאָלפן אויפבליען פוילן, אַנטוויקלט אַ גרויסע פאַברי־קאַציע און זיך אַקטיוו באַטייליקט אויסער אינעם אייגענעם נאַציאָנאַלן לעבן און קולטור, אויך אינעם פוילישן געזעלשאַפטלעכן לעבן.

דאָס איז אָבער אַ טראַגישער קאַפּיטל פאַר זיך, מחוץ די ראַמען פונעם דאָזיקן אַנאַליז.

די פאַרהאַנדלונגען צווישן די פּעטראָגראַדער מיניסטאָרן מיט די פאַר־שטייערס פון דער צענטראַלער ראַדע (פאַרלאַמענט) — אײדער די באָלשע־וויקעס האָבן צעטריבן די ציטוויילליקע רוסישע רעגירונג — זיינען אָפּגעשלאָסן געוואָרן דעם 3טן יולי, 1917, און ס׳איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַן אוקראַינישע פאָלקס־רעפּובליק. די ערשטע ראַדע־זיצונג איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן דעם 12טן יולי, 1917, אין קיעוו.

לויטן אָפּמאַך פון דער צענטראַלער ראַדע מיט דער ציטווייליקער פּעט־ראָגראַד־רעגירונג, איז פאַרזיכערט געוואָרן דער סטאַטוט, אַז אינעם דער־מאָנטן אוקראַינישן פאַרלאַמענט זאָלן, צווישן אַנדערע, זיין פאַרטראָטן — פּראָפּאָרציאָנעל — די דריי גרעסערע מינאָריטעטן: רוסן, אידן און פּאָליאַקן. פון דעמאָלט אָן, איז די ראַדע געוואָרן ניט בלויז אַ פאַרטרעטערשאַפט פון אוקראַינער, נאָר אויך אַ געזעצגעבערישע אינסטיטוציע פון לאַנד. די נייע ענדערונג אינעם פּאָליטישן לעבן איז באַשטעטיקט געוואָרן פונעם סטאַטוט פאַר דער העכסטער פאַרוואַלטונג פון אוקראַינע. די רוסישע רעגירונג האָט נאָך באַדאַרפט עס אַקצעפּטירן, אָבער פאַר דער געזעלשאַפטלעכקייט, איז דער סטאַטוט געווען אַ מין קאָנסטיטוציע פון אַן אויטאָנאָמער אוקראַינע; אַזוי אַרום איז אוקראַינע געוואָרן אַן אומאָפּהענגיקע מדינה.

אין רוסלאַנד זיינען געזעסן אין זאָטל די באָלשעוויקעס, וואָס האָבן זיך באַמיט צו ברענגען די אוקראַינער אונטער זייער הערשאַפט. זיי זיינען סיס־טעמאַטיש אַריינגעדרונגען אין דער געגנט נעמענדיק ראַדיקאַלע שריט. די אוקראַינער פירערשאַפט האָט דערויף ניט געענטפערט מיט אייגענע סאָציאַלע לאָזונגען, ווי דעם באַלדיקן דורכפיר פון ראַדיקאַלער אַגראַר־רעפאָרם, אָדער אַ סוף מאַכן צום קריג. די אוקראַינער האָבן, ווייזט אויס, געגלויבט, אַז גראָד דורך נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקייט, וועלן זיי קענען האַלטן אין צוים די פאָלקסמאַסן אין לאַנד און זיך אויסהיטן פון דער באָלשעוויסטישער מגפה. מ׳האָט געהאָפט, אַז דורך אויפרייצן, ביי די מאַסן, דעם נאַציאָנאַלן געפיל, וועט זיך איינגעבן צו ראַטעווען אוקראַינע. אין גיכן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די באַמיאונג אָפּצוהיטן דעם פייער און זעלבער קעגן אָנגעשטעקט ווערן מיט דעם באָלעשוויסטישן באַציל, האָט זיך ניט איינגעגעבן.

**די באָלשעוויקעס האָבן מיט די אוקראַינער זיך ניט אַריינגעלאָזן אין טעאָרעטישע און יורידישע וויכוחים וועגן אויטאָנאָמיע, פעדעראַציע, קאָמ־פּעטענצן און ענלעכע „בורזשואַזע באַגריפן", ווי ס׳האָט — מיט עטלעכע**

חדשים פריער — געהאַט געטאָן די רוסישע דעמאָקראַטישע צייטווייליקע רע־גירונג.

ראשית, האָבן די סאָוועטן אָנגעהויבן אַ פּראָפּאַגאַנדע אין דאָרף, ווי אויך אין די אוקראַאינער נאַציאָנאַלע מיליטער־פאָרמאַציעס, אַריינברענגענדיק דערמיט צעמישעניש אין דעם אוקראַאינער מיליטער, וואָס איז געווען מאָבילי־זירט צו פּאַרטיידיקן קיעוו קעגן דער רויטער גוואַרדיע, וואָס האָט — סוף 1917 — געהאַט אָנגעהויבן אַן אָפענסיווע קעגן דער אוקראַאינער רעפּובליק. מיטן באָלשעוויסטישן אָנפאַל אויף דער אוקראַאינע, האָבן די אוקראַאינער פירער ניט געהאַט מער וואָס צו ריידן וועגן אַ פעדעראַציע מיט אַ מלוכה, וואָס פירט קריג מיט זייער לאַנד. אין גיכן איז טאַקע באַשלאָסן געוואָרן, אין גאַנצן זיך אָפּצורייסן פון רוסלאַנד.

אין יאַנואַר, 1918, האָבן די אוקראַאינער (ראדאַ) פּראָקלאַמירט אַן אומ־אָפּהענגיקייט — אַ רעזולטאַט, וואָס די געשעענישן האָבן געהאַט אַרויפגע־צוואונגען אויף דער אוקראַאינע. איינצייטיק, האָט די זעלבשטענדיקייט־פּראָק־לאַמירונג געזאָלט דינען ווי אַ מיטל, אויפצומונטערן די פריערדיקע נאַציאָ־נאַלע התלהבות ביים פאָלק; ווי אויך ווי אַן אָפּהאַלט פונעם באָלשעוויסטישן פּראָצעס. אין אַ גאַר גרויסן פאַרנעם, איז דערביי צעשטערט געוואָרן די דיס־ציפּלין אין די רייען פון די מיליטערישע באַטאַליאָנען. די פּראָקלאַמירונג פון אומאָפּהענגיקייט איז גיכער געווען אַ יאוש־אַקט ווי אַ נצחון־מאַניפעסטאַ־ציע לטובת דער אידייע פון נאַציאָנאַלער באַפרייאונג.

אין פאַרלויף פון יאָר 1919, זיינען די דייטשן צו הילף געקומען די אוקראַאינער; אָבער ניט מחמת ליבשאַפט צום אוקראַאינישן פאָלק, וואָס האָט געשטרעבט צו זעלבשטענדיקייט, נאָר צוליב זייערע אייגענע צוועקן. יונקער־דייטשלאַנד האָט — ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה — זיך שטענדיק באַמיט, צו פאַרכאַפּן אוקראַאינע — רייך אין פעלדער און לאַנגיאָריקער שפּייזער פון צענטראַל־אייראָפּע. איינער אַ סקאָראָפּאַדסקי איז, דורך די דייטשן, אַרויפ־געזעצט געוואָרן אין קיעוו אויפן טראָן, אין דער האָפענונג, אַז ער וועט טרייבן דאָס אוקראַאינישע פּויערטום צו באַאַרבעטן די ברייטע, רייכע פעלדער, שפּייזנ־דיק דערמיט די באַפעלקערונג אין דייטשלאַנד גופא; האָט זיך אָבער די שפּיל ניט איינגעגעבן. די אוקראַאינישע פירערשאַפט האָט זיך צו דעם דאָזיקן גע־דאַנק ניט אונטערגעגעבן. אין דייטשלאַנד האָט אויסגעבראָכן אַ רעוואָלוציע, צערייבנדיק אַלע פּלענער אונטער די רעדער פון די היסטאָרישע געשעענישן.

די דייטשן האָבן פאַרלאָזט אוקראַאינע, צווישן פעברואַר און נאָוועמבער, 1920. פאַר דער קליינער גרופּע אוקראַאינישע פירערס איז עס געווען זייער אַ טראַגישע איבערלעבונג, בעת די רעשטלעך פון דער אוקראַאינער אַרמיי האָבן, מיט גרויס עקשנות, געפירט אַ מלחמה מיט דרייפאַכע שונאים: די באָלשעוויקעס, ווי מיט די דעניקינשע און פּוילישן אַרמייען, וואָס האָבן אַריינ־געדרונגען אין דער טומלדיקער אוקראַאינע.

בעת די אוקראַאינער האָבן געקעמפט פאַר אַ זעלבשטענדיקער מלוכה,

האָט די אידישע באַפעלקערונג — וואָס האָט געהאַט געלעבט אין מזרח־אוקראַינע אין לויף פון 800 יאָר — סיי צוגעהאָלפן אין קריג, סיי געשפּילט אַ ראָלע אינעם לאַנדס פּאָליטישן און עקאָנאָמישן לעבן. די אידישע באַפעל־קערונג — וואָס האָט געציילט אַן ערך פון דריי מיליאָן נפשות — האָט געהאַט דעם באַגער ס׳זאָל איסגעפירעמט ווערן אַן אוקראַאינישע מלוכה. האָבנדיק צו־טרוי צו דער פירערשאַפט פון דער אוקראַינער אינטעליגענץ, האָט דאָס או־קראַינישע אידנטום געהאָפט, אַז דורך אַן אומאָפּהענגיקער אוקראַינע, וועט פאַר די אידישע בירגער געשאַפן ווערן אַ קולטורעלע אויטאָנאָמיע; אַז איינ־צייטיק וועט אָנגעהאַלטן ווערן אַ דעמאָקראַטישער רעזשים און אַז מ׳וועט במילא פטור ווערן פון דער קאָמוניסטישער דיקטאַטור.

זייער טראַגיש האָט זיך פאַרענדיקט די אוקראַינישע זעלבסטשטענדיקייט. די דירעקטאָריע — וואָס האָט זיך געהאַט באַצייכנט ווי אַן אַדמיניסטראַטי־ווער אַפּאַראַט אין לאַנד — איז, בעת די לעצטע מאָנאַטן פון 1919, אַרומגע־פאָרן אין אייזנבאַנען און וואַגאָנען: פון קיעוו קיין זשיטאָמיר, פון זשיטאָמיר קיין ווינניצע, און פון דאָרט קיין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק.

געזוכט האָט די דירעקטאָריע צו ראַטעווען די רעשטלעך פון דער אוקראַי־נישער אַרמיי; אָבער, ווי דער רעזולטאַט פונעם דרוק פון דער באָלשעוויס־טישער רויטער גוואַרדיע, האָט די דירעקטאָריע פאַרלוירן יעדער פאַרבינדונג מיט דער באַפעלקערונג. זי האָט אָנגעהאַלטן דעם קאָנטאַקט בלויז מיט איינ־קע פירערס, ווי פּעטלורא, אַטאַמאַן סעמאָסענקאָ און אַנדערע באַנדיטן, וואָס האָבן געגעבן אויסדרוק צו זייערע נאַציאָנאַלע, פּאַטריאָטישע געפילן דורך פּאָגראָמירן די אידישע באַפעלקערונג.

★ ס׳איז כדאַי צו דערמאָנען, אַז די שרעקלעכסטע צוויי פּאָגראָמען זיינען פאָרגעקומען אין פּאָדאָליער גובערניע. דאָס איז געווען אין דער צייט ווען די דירעקטאָריע, מיט ווינניטשענקאָן בראש (אַ שפּעטערדיקן קאָמוניסטישן רעדל־פירער), האָט זיך דעמאָלט געהאַט געפינען, ווי דערמאָנט, אין דער געגנט, וואו די שחיטות זיינען פאָרגעקומען.

...בעת אַ פיר־שטונדיקן פּאָגראָם אויף דער אידישער באַפעלקערונג אין פּראָסקוראָוו, צווישן ווינניצע און קאַמענעץ־פּאָדאָלסק — אָרגאַניזירט און דורכגעפירט דורך אַטאַמאַן סעמאסענקא אין איינעם מיט זיינע אוקראַינישע זעלנער — זיינען אויסגעשאָכטן געוואָרן 1,500 נפשות.

די, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט, דערציילן, אַז אויף קאַמענעצקי גאַס, אין פּראָסקוראָוו — וואו ס׳איז דעמאָלט געווען אַ מין געטאָ פון דער אידי־שער אָרעמער באַפעלקערונג — זיינען די שטיינער געווען פאַרגאָסן מיט בלוט און אַז די מערדערס האָבן שפּעטער־צו געבראַכט וואַסער דאָס בלוט אָפּצו־וואַשן.

פון דאָרט האָבן סעמאָסענקאָ און זיינע באַנדעס זיך אַוועקגעלאָזט קיין פעלשטין — אַ שטעטל פון טויזנט נפשות, אַן ערך 30 וויאָרסט פון פּראָס־

קוראָוו — וואו זיי האָבן דורכגעפירט אַ שחיטה, בעת וועלכער 700 פון דער גאַנצער באַפעלקערונג זיינען אומגעקומען.

(ציפער־קוואַל: א. גומענער, אין איינעם פון די קאַפּיטלען פון זיין בוך „אוקראַינע״, ווילנע, 1921).

✶ לויט דעם זעלבן קוואַל, זיינען אַן ערך אַ האַלבער מיליאַן אידן, אין אוקראַינע, אין יענער אומגעוויינטלעכער טראַגישער צייט, אומגעקומען. נאָך דעם, האָט די פּויערישע באַפעלקערונג זיך אַ וואָרף געטאָן אויף די שטעט און שטעטלעך, צעראַבירנדיק דאָס איבערגעבליבענע האָב־און־גוטס.

✶ נאָך די פּאָגראָמען, זיינען איבערגעבליבן אַן ערך 200 טויזנט יתומים, צענדליקער טויזנטער אלמנות, אַ קאַלאָסאַלע צאָל פּאַרוואונדעטע. אַ גרויסער טייל האָט זיך מער ניט געקענט אומקערן און ניט געווען בכוח צו פירן אַ נאָרמאַל לעבן.

(קוואַל: „דאָס אידיישע שטעטל אין אוקראַינע״, כאַרקאָוו, 1929).

⁂

מיר האָבן ביז איצט פאַרציכנט צוויי עפּאָכעס פון די אוקראַינער אויפשטאַנדן:

איינס, אין די צייטן פון באָגדאַן כמעלניצקי (1648 — 1657); און די צווייטע, אין די יאָר 1918 — 1921.

וועלן מיר איצט באַלייכטן די דריטע עפּאָכע: אין היטלערס צייטן, באַזונדערס אין 1941 — 1944, בעת וועלכער די אוקראַינער האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע, ביים העלפן היטלערן און זיינע מערדערס:

ביים פאַרניכטן דאָס אוקראַינישע אידנטום אין מערב־טייל (גאַליציע, קאַרפּאַטן־רוסלאַנד און בוקאָווינע);

דער הויפּט, אינעם מערב־טייל אוקראַינע (רוסלאַנד), פון ביידע זייטן דניעפּער.

אוקראַינעס נאַציאָנאַלע געפילן דערוואַכן, ווען נאָר עס קומען פאָר אומרוען. דאַן ווערט אַ גאַנצע בהלה אין די לענדער וואו די אוקראַינער געפינען זיך. דעמאָלט באַווייזן זיך אויף דער אָרענע אוקראַינישע פּאַטריאָטן. עס נעמט אָבער ניט לאַנג און דער פּאַטריאָטיזם ווערט אויסגעלאָשן.

ווי דערמאָנט, האָבן די אוקראַינער אין די יאָרן 1600 און 1700 — געביטן די טאַקטיק:

... ווען פּוילן איז נאָך געווען אַ שטאַרקע מדינה, האָבן זיי — אין איינעם מיט די פּאָליאַקן — געקעמפט קעגן רוסלאַנד. מיט פּוילנס אָפּשוואַך, איז געקומען אַ פאַראייניקונג מיט די רוסן קעגן די פּאָליאַקן;

... אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה (1918 — 1921), איז אין דער אוקראַינע — וואָס האָט ניט געהאַט קיין אייגן־אויסגעפורעמטע טריבונע און אויך ניט קיין וויכטיקע פירער — פאָרגעקומען אַ ריס צווישן די

פּאַרטייען, וואָס האָבן זיך געשאַפן אונטערן דראַנג פון די מאָמענטאַלע געשעענישן, ניט באַוויזנדיק אויסצושמידן אַ פּראָגראַם פון נאַציאָנאַלע טעטיקייטן.

צום גרעסטן טייל, זיינען די אוקראַינישע פּראָבלעמען געלייזט געוואָרן דורך מיליטערישע אַוואַנטורעס, פּאָגראָמען, רויבערייען.

איינזעענדיק, אַז זיי וועלן — דורך דער רויטע אַרמיי — אַרויסגעשטויסן פון זייער אייגענער טעריטאָריע, (אין 1917 — 1921) זיינען גרויסע טיילן פון דער אוקראַינישער אַרמיי אַריבער צום לאַגער פון די באָלשעוויקעס.

אונטערן נאָמען „טאַראַשטשענקאָ" — וואָס האָט, בעת אַמאָליקע יאָרן, ווי אַ נאַציאָנאַלע פיגור, זיך געהאַט פאַרנומען מיט טעראָריזירן די באַפעלקערונג — האָבן די דערמאָנטע אוקראַינער אַרמיי־טיילן אָרגאַניזירט אַ טאַראַשטשענקאָ־דיוויזיע, און דערמיט האָט זיך די אַוואַנטורע געענדיקט.

אין איינעם מיט די באָלשעוויסטישע חילות, האָט די דאָזיקע דיוויזיע געהאָלפן אָפּראַמען — אין דער אוקראַינע — אירע אייגענע ברידער וואָס זיינען געווען קעגנער פון באָלשעוויסטישן רעזשים. רעאָרגאַניזירט דורך די באָלשעוויקעס, האָט די דאָזיקע דיוויזיע פאַרלוירן איר נאָמען און פּרעסטיזש, מחמת עס האָט זיך איבערגעחזרט די זעלבע צרה: וואו נאָר זיי זיינען אַריינגעקומען, האָבן זיי גערויבט און געפּלינדערט די באַפעלקערונג.

אין די היטלער־יאָרן האָבן די אוקראַינער אויך געהאַנדלט ווי פאַרריטער צו זייערע אייגענע אינטערעסן און אויך ווי די אמתע רוצחים קעגן די אידן.

אין 1941, האָבן די דייטשע אַרמייען מאַרשירט — מיט שנעלן טעמפּאָ — דורך די וועגן פון דער אוקראַינישער סאָוועטישער סאָציאַליסטישער רעפּובליק. די אוקראַינער באַפעלקערונג — ווי די אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן אויף דער רוסישער טעריטאָריע — איז ניט געווען שטאַרק באַגייסטערט פאַרן דייטשן אַריינדרינג. זייענדיק קעגנער פון דער קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע, זיינען זיי אָבער אינצייטיק געווען פּאַטריאָטן פון פאָטערלאַנד. זיי האָבן אויך באַגריפן, אַז די דייטשע, איטאַליענישע און רומענישע סאָלדאַטן זיינען ניט געקומען ספּעציעל צו באַפרייען די פעלקער פון רוסלאַנד פונעם קאָמוניסטישן יאָך. ס'איז קלאָר געווען, אַז דער צוועק פון דער מלחמה איז געווען צו אַנעקסירן די אוקראַינישע טעריטאָריע — רייך אין ברויט, קוילן, אויל, אייזן און אַנדערע פאַראַנענע מינעראַלן.

די פּסיכאָלאָגיע פון די דייטשן איז געווען באַוואוסט. זיי האָבן באַטראַכט די סלאַווישע פעלקער ווי פון אַ נידעריקער ראַסע און האָבן געמיינט, אַז זיי וועלן אויסנוצן די באַפעלקערונג פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון זייערע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אינטערעסן.

ניט געקוקט דערויף, האָבן די מערב (גאַליציע) אוקראַינער — נאָך היטלערס פאַרניכטונג פון פּוילן — דערוואַכט פון אַ לאַנגער לעטאַרגיע און האָבן באַשלאָסן אויסצונוצן דעם מאָמענט און זיך פאַראייניקן מיט די דייטשן. קודם,

האָבן די דערמאָנטע אוקראַינער געהאָלפֿן אומברענגען זייערע אידישע שכנים און זיך באַטייליקט אינעם טרויעריקן מאַרש אין מערב־אוקראַינע (רוסלאַנד).

ווי עס ווייזט אויס, האָבן זיך די דייטשן — מיט דער ס.ס. אין דער שפּיץ — גענייטיקט אין מערב־אוקראַינע, צוליב צוויי אורזאַכן:

קודם צו קריגן אַרויסהעלפֿער אין דעם מאָרד איבער דער דעמאָלט שוצלאָזער, צוויי־מיליאָניקער אידישער באַפֿעלקערונג, אין דער רוסישער אוקראַינע. די אוקראַינער זיינען, דורך דער געסטאַפּאָ, אויסגענוצט געוואָרן צו כאַפּן נפשות און זיי וואַרפֿן אין די גאַז־אויוונס, פֿאַרברענט צו ווערן לע־בעדיקערהייט.

די צווייטע אורזאַך איז געווען, וואָס די דייטשן זיינען, ביים אַריבער־טרעטן די רוסישע גרענעץ, געבליבן אָן אַ שפּראַך. זיי האָבן דעריבער זיך ניט געקענט צונויפֿרעדן — באַזונדערס מיט די פּויערים אין די דערפֿער, וואו די הויפּט־שפּראַך איז אוקראַיניש. אין די גרעסערע שטעט און שטעטלעך איז די שפּראַך געווען מער רוסיש ווי אוקראַיניש.

באָגדאַן כמעלניצקיס און פּעטליוראַס אייניקלעך האָבן זיך אַ נעם־געטאָן צו דער אַלטער מערדערישער פּראָפֿעסיע פֿון אויסראָטן אומשולדיקע, שוצ־לאָזע מענטשן, מיינענדיק, אַז זיי וועלן דורך דעם קריגןביידע אוקראַינעס (מזרח און מערב) און אויפֿשטעלן אַ מין שוץ־וואַנט, דורך אָרגאַניזירן אַ זעלב־שטענדיקע, גרויסע אוקראַינע, וואָס וועט אָפּשטופּן די קאָמוניסטישע אידע־אָלאָגיע פֿון דער אייראָפּעאישער אַרענע.

מ׳דאַרף אויך אין זינען האָבן, אַז עס זיינען געווען אויסנאָמען — ווי, צ.ב.ש., מעטראָפּאָליטען שעפּטיצקי, פֿון לעמבערג — וואָס האָט געהאַט באַ־גריסט די דייטשן ווי די באַפֿרייערס פֿונעם קאָמוניסטישן גיהנום. שעפּטיצקי האָט שפּעטער חרטה געהאַט, ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז די דייטשן ברענגען אום אומברחמנותדיק, הונדערטער טויזנטער אידן, באַנוצנדיק זיך, פֿאַר דעם צוועק, מיט די מערב־אוקראַינער בירגער.

דער גלח שעפּטיצקי האָט זיך געווענדט צום באַוואוסטן רעגעגאַט און פֿאַרברעכער, היינריך הימלער, אַז ער זאָל די אוקראַינער באַפֿרייען פֿון דער שרעקלעכער אויפֿגאַבע — אָבער אָן דערפֿאָלג. נאָך דעם, האָט גלח שעפּטיצקי זיך אויסגעדריקט, אַז היטלער און זיינע נאָכפֿאָלגערס זיינען ערגער ווי די קאָמוניסטן.

ניט געקוקט דערויף, איז פֿרייוויליק מאָביליזירט געוואָרן אָן אוקראַינישע דיוויזיע און ד״ר לאַבאָ, אַ גלח, איז געווען איר טשאַפּלעין. אין לעמבערגער (גאַליציע) קאַטעדראַל, האָט ער געבענטשט די אוקראַינישע סאָלדאַטן, אַז זיי זאָלן מצליח זיין אין דערגרייכן זייער ציל. מסתמא האָט ער דעמאָלט געמיינט, אַז דאָס איז געווען דער אָנהייב פֿון אַן אוקראַינישן שטאַט. ער האָט אָבער געמאַכט דעם חשבון אָן דעם בעל־הבית.

בעת די יאָרן 1943 — 1944, האָבן די באָלשעוויקעס צוריקגעשטויסן די דייטשן און בשותפֿות מיט זיי, אויך די אוקראַינער. ביים צוריקציען זיך פֿונעם

פראָנט, האָבן די דייטשן דערלויבט דער אוקראַינער דיוויזיע צו קעמפן מיט די באָלשעוויסט־שע אַרמייען; ס׳איז שוין אָבער געווען צו שפּעט.

קיין זעלבשטענדיקע אוקראַינע האָבן זיי ניט באַוויזן אויפצושטעלן. צענ־דליקער טויזנטער אוקראַינער זיינען אָבער דורך דער דייטשער מאַכט, גע־טריבן געוואָרן קיין דייטשלאַנד, צו שקלאַפּן־אַרבעט.

דערמיט האָט זיך דער נייער אוקראַינישער פּלאַן צו שאַפן אַן אייגענע זעבלשטענדיקע מדינה ווידער אַ מאָל פאַרענדיקט אויף אַ גאָר טרויעריקן אופן.

אוקראַינע — וואָס געפינט זיך אונטער סאָוועטישער הערשאַפט — ווערט באַצייכנט ווי די אוקראַינישע סאָציאַליסטישע סאָוועטישע רעפּובליק. זי פאַר־נעמט אַ שטח פון 220 טויזנט קוואַדראַט וויאָרסט און ציילט אַ באַפעלקערונג פון איבער 44 מיליאָן. זי איז גרעסער פון פראַנקרייך און איז צעטיילט אין 24 אָבלאַסטן (ראַיאָנען, אָדער גובערניעס).

אין 1939, ווען מערב גאַליציע איז אַנעקסירט געוואָרן דורך דער רוסישער סאָוועטן־מאַכט זיינען צוגעקומען נאָך 7 מיליאָן נפשות פון אוקראַינישן אָפּ־שטאַם. אין 1940, האָבן די סאָוועטן אויך איינגעשלאָסן די בוקאָווינע. אין 1945 איז אויך קאַרפּאַטן־רוסלאַנד איינגעשלאָסן געוואָרן אינעם זעלביקן גע־ביט און נאָך 5 מיליאָן אָפּשטאַמענדיקע אוקראַינער ווערן איצט פאַררעכנט ווי אייגענע ברידער.

אין די צענטראַלע גובערניעס, ווי אויך אין סיביר, געפינען זיך אַן ערך פון 4 ביז 5 מיליאָן אוקראַינער. אַלע צוזאַמען פאַרנעמען כמעט דאָס ערשטע אָרט אין דער גאַנצער סאָוועטן־טעריטאָריע. אוקראַינע איז שטאַרק רייך אין תבואה, ווייץ און קאָרן; שטאָל און קוילן זיינען די אויבנאָניקע אינדוסטריעלע רוי־פּראָדוקטן. דאָנעצקי באַסעין און קריוואָ־ראָג זיינען די וויכטיקסטע צענטערן אויף דעם געביט.

צוליב דעם, וואָס אוקראַינע איז ברייט צעשפּרייט, נאָענט ביי דער איי־ראָפּעאישער גרענעץ, האָט די סאָוועט־רעגירונג אַריבערגעפירט טייל פון דער שווער־אינדוסטריע אינעם געגנט פון די אוראַל־בערג — און ווייטער קיין סיביר — כדי דערמיט צו פאַרמיידן דעם מעגלעכן אַריינדרינג פון שונאים בעת די קינפטיקע מלחמות.

## אַן ענטפער אַן אוקראַינישן היסטאָריקער

לאָמיר צו דער ענדע פון אונדזער אָפּשאַצונג וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער אוקראַינע מאַכן איניקע באַמערקונגען וועגן אַ זייער וויכטיקן בוך פון אַ אוקראַינישן פּראָפעסאָר פון געשיכטע, ד. דאָראָשענקאָ, וואָס איז דערשינען אין 1939, וואו ער כאַראַקטעריזירט די פירער פון די אוקראַינישע אויפ־שטאַנדן אין אַ ליכטיקן, נישט פאַרדינטן געשטאַלט. (פּראָפעסאָר ד. דאָראָ־שענקאָ „וועגן דער געשיכטע פון דער אוקראַינע״, 1939.)

ער שרייבט (זייט 118) „אין האַנדל האָבן זיך באַוויזן די אידן, וועלכע זיינען געווען זייער אַגרעסיוו". אַן אָנפירער מיטן נאָמען פּאַוולאָק האָט אין יאָר 1637 אַרויסגעגעבן אַ מאַניפעסט צו די קאָזאַקן און פּויערים, אַז זיי זאָלן זיך פאַראייניקן מיט אים קעגן די פּאָליאַקן און דער רעזולטאַט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז באַלד דעם ווי זיי האָבן צוזאַמען געוואונען אייניקע שלאַכטן מיט די פּאָליאַקן אויף דער לינקער זייט פון טייך דניעפּער, האָבן זיי אָבער ביי דער ענדע פאַרלוירן דעם אויפשטאַנד און אָנגענומען דעם פּוילישן רעזשים. און אין דער זעלבער צייט איבערגעגעבן דעם דערמאָנטן פּאַוולאָקן צו דעם פּוילישן מיליטער און זיי האָבן אים הינגעריכטעט.

דער היסטאָריקער באַמערקט ווייטער, אַז די פּאָליאַקן האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך פון פּוילן אידישע אַגענטן פאַר די פּוילישע לאַנד־באַזיצער, וואָס האָבן געדינט אַלס זייערע פאַרמיטלער און שפּיאָנען, און דעריבער האָט דאָס אוקראַאינישע פּויערטום געמאַכט פּאָגראָמען און אומגעבראַכט די אידן. ווי מיר האָבן שוין דאָ דערמאָנט, האָבן די אוקראַאינער אַליין מיט דער הילף פון די פּאָליאַקן אומגעבראַכט פּאַוולאָקן, זייער נעכטיקן פּאַטריאָט און פירער.

נאָכמער, דער טרויעריק־באַוואוסטער באַגדאַן כמעלניצקי האָט אונטער־געשריבן אַלס סעקרעטאַר פון די קאָזאַקן אַן אָפּמאַך פון פריינטשאַפט און פאַר־אייניקונג מיט די פּאָליאַקן (זע זייטן 23, 29, 218), עס האָט לאַנג נישט גע־נומען און די פּויערים האָבן פאַרברענט די פּוילישע פאַרמעגנס און האָבן אויסגעמאָרדעט אייניקע לאַנד־באַזיצער, און ווי געוויינלעך, אַלע אידן (זע זייט 234).

די פּאָליאַקן האָבן זיך נאָך דעם אָפּגערעכנט מיט די אוקראַאינער. עס איז זייער דראַמאַטיש און נאָכמער טראַגיש, אַז דער היסטאָריקער לייגט אַרויף די שולד אויף דער אידישער באַפעלקערונג, אַז „זיי האָבן מיט געוואַלד איינגע־מאָנט די שטייערן פון די פּויערים און האָבן צוגעטראַכט פאַרשידענע מיטלען זיי צו רויבן, רעכענענדיק הויכע פּרייזן פאַר אַרטיקלען, וועלכן זיי האָבן פאַרקויפט" (זע זייט 43).

די אידן זיינען געווען דעמאָלט רעכטלאָז, נישט פאַרמעגלעך און עס איז געווען פאַרבאָטן פאַר זיי צו באַזיצן אָדער באַאַרבעטן פעלדער און לויט דעם דעמאָלטיקן שטייגער, האָבן זיי געבראַכט די אַרטיקלען פון די שכנותדיקע, מער אַנטוויקלטע לענדער, און געביטן פאַר ברויט מיט די אוקראַאינער פּויע־רים, אַזוי אַרום האָט זיך אַנטוויקלט אַ נאָרמאַלער האַנדל מיט פּוילן און אַנדערע לענדער.

ער דערמאָנט, אַז די אוקראַאינישע קאָזאַקן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן — אין יוני 1648 — צו די פּאָדאָליער שטעט און שטעטלעך. אויך ווייזט ער אָן, אַז די אידן האָבן דורכגעלעבט אַ טראַגישע צייט. ער באַמערקט ניט אַפילו מיט איין וואָרט, אַז זיינע אַלטע פריינט, די קאָזאַקן און די היידאַמאַקעס און זייערע פירער, זיינען באַגאַנגען שרעקלעכע מערדערייען קעגן די אידן אין אוקראַאינע.

ווי פריער דערמאָנט, האָבן די אוקראַינישע בלוט־פאַרגיסער געמאָלדן די אידן, אַז די פון זיי, וואָס וועלן זיך שמדן, וועלן בלייבן לעבן. דערפון אַליין ווערט קלאָר, אַז כמעלניצקי און אַנדערע ווי ער, האָבן בדעה געהאַט אומ־צוברענגען מאַסן אידן איבער זייערע רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע מנהגים און געפילן.

דאָס אוקראַאינישע פאָלק, וואָס האָט געלעבט אין אָרעמקייט, איז געווען אַ קנעכט — נישט נאָר ביי די פּאָליאַקן, נאָר אויך ביי די אייגענע אוקראַאינישע לאַנד־באַזיצער און עקספּלואַטאַטאָרס.

די אוקראַאינער האָבן זיך אַרומגעריסן מיט די פּאָליאַקן. עס האָט זיך אַלץ מער און מער פאַרשטאַרקט די רעליגיעזע שפּאַלטונג צווישן די אָנהענגער פון דעם רוימיש־קאַטוילישן גלויבן (פּאָליאַקן) און די גריכיש־אָרטאָדאָקסישע אָנהענגער (די אוקראַאינער און רוסן). די גייסטלעכע, די גלחים פוןביידע צדדים, זיינען געווען די אייגנטימער פון גרויסע שטרעקעס לאַנד און פון פיל נאַטירלעכע אוצרות (מינעראַלן א.אַ.) אין דער אוקראַאינע. די דאָזיקע גייסטלע־כע האָבן אויסגענוצט דאָס פויערטום פאַר זייערע אייגענע מאַטעריעלע צוועקן. כדי אָבער צו פאַרדעקן די אומגערעכטיקייטן, וואָס זיינען דורך זיי באַגאַנגען געוואָרן קעגן זייערע אייגענע פאָלקס־מענטשן, האָבן זיי כסדר באַשולדיקט די אידן אין כלערליי פאַרברעכנס.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט די רוסישע קירך גענוצט דעם זעלבן מיטל צו אָרגאַניזירן — דורך דער צאַרישער מאַכט — און פּראָוואָצירן פאַר־שידענע בלבולים, ווי, למשל, אַז קריסטלעך בלוט פון קינדער ווערט גענוצט אויף פּסח דורך אידן, וואָס מישן עס אויס מיטן מעל מיט וועלכן זיי באַקן מצות (דער ביילים־פּראָצעס און אַנדערע).

ס׳האָבן אויך נישט געפעלט אַנדערע ניט־באַגרינדעטע באַשולדיקונגען קעגן דער אָדער אַנדערער אידישער קהילה. די דאָזיקע בלבולים האָבן גע־מאַכט מעגלעך דעם אָנפאַל אויף דער אידישער באַפעלקערונג אין פאַרשידענע טיילן וועלט, באַזונדערס אין די סלאַווישע לענדער.

מיר געדענקען נישט קיין היסטאָרישע אָנווייזונגען, אַז אידישע שולן צום דאַווענען — אָדער רבנים און אַנדערע רעליגיעזע פירער — זאָלן האָבן געהאַט וועלכע עס איז פאַרמעגנס, אָדער זאָלן זיך האָבן באַנוצט מיט זייערע מענטשן פון דער אידישער באַפעלקערונג צו אָרגאַניזירן פּאַגראָמען, רויבן און אומ־ברענגען זייערע אוקראַאינישע שכנים. די אידישע רעליגיעזע פירער אין די שטעט און שטעטלעך פון אוקראַאינע זיינען געווען גרויסע אָרעמעלייט אין דער קהילה, וואָס זיי האָבן געהאַט באַדינט.

מיר האַלטן, אַז די 40 מיליאָן אוקראַאינער, וואָס האָבן נישט דערגרייכט זייער נאַציאָנאַלע און טעריטאָריעלע עמאַנציפּאַציע און זעלבסטשטענדיקייט זיינען די הויפּט־שולדיקע. עס איז ניט אַזוי פיל די שולד פון די אוקראַאינער פאָלקס־מענטשן, ווי פון זייערע פירער, וואָס האָבן געבויט זייער צוקונפטיקע זעלבסט־הערשנדיקע היימלאַנד אויף אַ זאַמדיקן באָדן. ווי עס ווייזט אויס,

קען אַ פאָלק נישט ווערן זעלבשטענדיק דורך דעם, וואָס אין משך פון הונ־דערטער יאָרן פאַרנעמט עס זיך מיט רויבן און אומברענגען אומשולדיקע, שוצלאָזע מענטשן.

***

לאָמיר זיך אָפּשטעלן אויף די פּאָזיטיווע אייגנשאַפטן פון די אוקראַינער. זיי זיינען אַן אַרבעטסזאַם פאָלק, צוגעבונדן צו דער שיינער נאַטור פונעם לאַנד — די פעלדער, וועלדער, טייכן, לאַנקעס. זיי פאַרמאָגן אַ רייכן פאָלקלאָר, פאָלקס־לידער, אויך אייגאַרטיקע קליידער, וואָס שפּיגלען אָפּ די וואונדערבאַרע נאַטירלעכע אומגעבונג, מיט וועלכער זיי זיינען אַרומגערינגלט.

עס דערמאָנט זיך אַן אָפּערע, וואָס מיר האָבן געזען אין קיעוו, אויפגע־פירט אינעם דאָרטיקן אַרטיסטישן אָפּערא־טעאַטער. דער נאָמען פון דער אָפּערע „טאַראַס בולבא", צום אָנדענק פון איינעם פון זייערע פאָלקס־העלדן.

די פאַרשטעלונג איז דורכגעפירט געוואָרן אין קיעוו אין די צוואַנציקער יאָרן, נאָכן דורכפאַל פון זייער דראַנג פאַר זעלבשטענדיקייט. עס איז געווען אין דער צייט, ווען די באָלשעוויקעס זיינען געווען די בעלי־בתים פון רוס־לאַנד, איינגעשלאָסן אויך אוקראַינע. זיי האָבן אָבער געזוכט די קאָאָפּעראַציע פונעם אוקראַינישן פאָלק און האָבן דערלויבט די זייער אינטערעסאַנטע אָפּע־רא דורכצופירן אין דער אוקראַינישער שפּראַך און אַפילו מיט אַ נאַציאָנאַלן כאַראַקטער.

ווי עס ווייזט אויס, האָבן זיך אַנטפּלעקט געוויסע אוקראַינישע אינטעלעקטו־אַלע קרעפטן אין אַ קורצער צייט, צו דערגרייכן אַ הויכע שטופע אין דראַמע און מוזיק און אַזוי דערפאָלגרייך און קינסטלעריש דאָס ווערק פאַרצושטעלן.

עס איז זייער מעגלעך, אַז ווען עס זאָל זיך געווען איינגעבן דער אוקראַי־נישער אינטעליגענץ אויסצופאָרמירן פון זייערע ראַמען איבערגעגעבענע נאַ־ציאָנאַלע און סאָציאַלע פירער — אין די יאָרן פון 1917־1920, וואָלטן זיי גע־קענט דערגרייכן זעלבשטענדיקייט, מיט דער אַנטוויקלונג פון אַן אייגענער מלוכה אויף די יסודות פון דעמאָקראַטיע און גערעכטיקייט פאַר זייער אייגן פאָלק, ווי פאַר אַנדערע מינדערהייטן, וואָס האָבן געוואוינט אויף דער אוקראַי־נישער ערד פאַר איבער פינף הונדערט יאָר.

געוויס וועלן די גרויסע מאַסן פון דער אוקראַינישער באַפעלקערונג דאַרפן אַנטוויקלען און געפינען צווישן זיך אין דער צוקונפט, אַן אינטעליגענטע, באַוואוסטזיניקע פירערשאַפט — נאַציאָנאַל און פאַטריאָטיש געשטימט, וואָס וועט דאַרפן צוערשט אָפּוואַשן אירע הענט פון דער בלוטיקער געשיכטע, וואָס די פריערדיקע דורות האָבן איבערגעלאָזט אין זייער לאַנגער, טראַגישער פאַרגאַנגענהייט און דערנאָך ערשט אָנהויבן בויען אַן אייגענע, זעלבסט־שטענדיקע רעפּובליק.

# הוסיאַטינער אידן אין אַמעריקע און ישראל דערציילן, וואָס זיי געדענקען

דריטער טייל

משה אַוועָרבוך (ניו יאָרק)
פאַלאַ אַוועָרבוך־קאָהן (תל אביב, ישראל)
אברהם יצחק אביטוב (בירנבוים) (תל אביב, ישראל)
דאָראַ בראַנדט (ניו יאָרק)
יעקב גאַלאַנטער (פילאַדעלפיע, פענסילוויינא)
פרומע לואיס גאַלאַנטער (פילאַדעלפיע, פּא.)
יונה גודמאַן (ניו יאָרק)
פריידע געינאַר־מאָדריק (ניו יאָרק)
גיטל גרינבערג (ניו יאָרק)
בערל לאַנגער (ניו יאָרק)
לואי לאַנסטער (ניו יאָרק)
אייזיק פוקס (סי בראַיט, ניו דזשוירזי)
אסתר פוקס (סי בראַיט, ניו דזשוירזי)
יצחק ראָזענבערג (פילאַדעלפיע, פּאַ.)
ליזאַ ראָזענבערג־בענדלער (ניו־יאָרק)
פאַלאַ שוואַרצבערג (קראָמפּאונד, ניו יאָרק)

# זכרונות

## פון משה אַוערבוך (ניו־יאָרק)



מ׳דאַרף גדענקען, אַז פון אַלע שטעט און שטעטלעך אין פּאָדאָליער גובערניע — ספּע־ציעל אין דעם קאַמענעצער אויעזד — האָט אונדזער היים־שטעטל פאַרמאָגט די קלענסטע באַפעלקערונג.

אויך דאָ אין אַמעריקע, זיינען די הוסיאַ־טינער אַ מינדערהייט, אין פאַרגלייך מיט די צאָל לאַנדסלייט פון די שטעטלעך אַרום הוסיאַ־טין, וואָס זיינען אַנגעשלאָסן אין זייערע גע־העריקע סאָסייעטיס אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע.

אין שייכות דערמיט, דאַרף דערמאָנט ווערן, אַז ביז איצט איז אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט די איינציקע, וואָס האָט גע־שאַפן אַן אייביקן מאָנומענט — דורכן דאָזיקן „ספר הזכרון״ — אין אָנדענק פונעם טראַגישן אומקום פון אונדזערע נאָענטע אין דער אַלטער היים.

***

כ׳וויל איצט פאַרצייכענען, וואָס כ׳געדענק — פון מיינע יונגע יאָרן ביז היינט — וועגן לעבן פון דער אַלטער היים.

ווי מיר דערמאָנען זיך, האָט דער פּולס פונעם שטעטל זיך געפונען אין דער טאַמאָזשניע (שטייער־אָפּצאָל בנין).

מיין פאָטער, שמואל, ע״ה, איז געווען — אין זיין צייט — אַ פאַרגעשרי־טענער מענטש, זייער ענערגיש, וועלכער האָט זיך דערוואָרבן אַ גאָר פיינעם נאָמען — סיי ביי די שטעטלדיקע אידן, סיי ביי דער קריסטלעכער באַפעל־קערונג.

ווי איינער פון די אָנגעזעענסטע טאַמאָזשניע („קאָסטאָמס״) קאָמיסיאָנערן האָט ער, מיט דער צייט, געשאַפן גרויסע פאַרבינדונגען מיט דער אויסער־לעכער וועלט (מיט לענדער ווי עסטרייך־אונגאַרן, דייטשלאַנד, א.אַ.).

ער איז אויך געווען דער געשעפט־פאַרשטייער פון די צוקער־זאַוואָדן (ראַפינער־פאַבריקן) אין ווישניוועטשיק, וואָס האָבן געהערט צום גוט־באַזיצער

זשאראוווסקי; אויך פון לעוואדער און גרעדונגער צוקער־פירמעס, דאָס אייגנ־טום פון דער מיליאָנערסקער קיעווער זייצעף־משפחה, וואָס האָט געהאַט אָנגעפירט גרויסע אונטערנעמונגען אין דער דעמאָלטיקער אוקראַינע, טייל פון צאַרישן רוסלאַנד.

אין אונדזער וואוינונג זיינען געווען איינגעאָרדנט צוויי געשעפטס־צימערן, פון וועלכע ס׳איז געפירט געוואָרן אַ קאָלאָסאַלער עקספּאָרט־אימפּאָרט געשעפט, וואו ס׳איז געווען אָנגעשטעלט אַ שטאַב פון פיר־פינף צו דערפילן די קאָרעספּאָנדענץ און בוכהאַלטעריע־פליכטן.

אונדזער שטעטל האָט דעמאָלט — מיט אַן ערך 60 יאָר צוריק — געהאַט פאַרצייכנט זעלטענעם פּראָגרעס, אויף אַלע געביטן.

מיט דער צייט האָט מיין פאָטער איינגעאָרדנט ביי זיך אַ דרוקעריי, ווי אויך אַ פאָטאָגראַפיש געשעפט, וואָס האָט אַריינגעבראַכט סיי ניי לעבן, סיי עקאָנאָמישע פאַרברייטערונג, אין אונדזער קליינעם ישוב. צוליב זיין חשיבות אין דער האַנדלס־וועלט, איז מיין פאָטער געווען פאַררעכנט פון דער דאָרטיקער טאַמאָזשנער פאַרוואַלטונג, ווי איינער פון די אָנגעזעענסטע געשעפטס־לייט.

ער איז געווען, אַזוי צו זאָגן, דער הויפּט־מליץ־יושר צווישן דער דאָרטיקער אידישער באַפעלקערונג און דער שטאָט־מאַכט — פאַר וועלכן ער האָט ווי מיר וועלן שפּעטער זען — טייער באַצאָלט.

ווי יעדער אידישער טאַטע, האָט ער זיך באַמיט אונדז צו געבן סיי אַ נאַציאָנאַלע, סיי אַ וועלטלעכע בילדונג — דורך באַזאָרגן אונדז מיט מלמדים, ווי אויך פּריוואַטע לערערס. מיר האָבן שטודירט אין גימנאַזיע: אויף דער עסטרייכישער זייט פון הוסיאַטין (גאַליציע), ווי אויך אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק.

אין 1914, האָט אויסגעבראָכן דער ערשטער וועלט־קריג.

אַרום אונדז האָט געהערשט אַ מלחמה־צושטאַנד, ווי דער רעזולטאַט פון דער שיסעריי פון רוסישן און עסטרייכישן מיליטער.

די באַלעבאַטים פונעם דערמאָנטן ווישניוועטשיקער זאַוואָד האָבן צו אונדז צוגעשיקט אַ וואָגן מיט פערד, און אונדז אַוועקגעפירט ווייטער פון דער גרענעץ, וואו מיר האָבן זיך באַזעצט.

מיטן צוריקצי פון דעם עסטרייכישן מיליטער — און מיט דער דערווייטערונג פון גרענעץ — האָבן מיר זיך צוריקגעקערט קיין הוסיאַטין.

מיין פאָטער, ווי אויך דער גלח — און, דוכט מיר נאָך עמעצער פון אונדזערע איינוואוינער — זיינען דורך די לעצטע פאַרבליבענע עסטרייכישע סאָלדאַטן און זייערע אָפיצירן — מיט גוואַלד מיטגענומען געוואָרן ווי זאַלאָזשניקעס (משכנות). געמיינט האָט עס, אַז די דערמאָנטע זעלנער און אָפיצירן וועלן די משכנות האַלטן פאַראַנטוואָרטלעך, אויב עמעצער פון די רוסישע איינוואוינער וועט שיסן, אָדער שלעכטס־טאָן וועמען ס׳איז פון זייער אַרמיי.

ווי דער רעזולטאַט פונעם אָנגריף פון דער רוסישער סאָלדאַטשינע, זיינען די אָנגעגעבענע זעלנער און אָפיצירן גלייך אַנטלאָפן; האָבן מיין פאָטער און

די אַנדערע צוויי אַרעסטירטע אַרויסגעהאָנגען אַ ווייס טיכל אויף אַ שטעקן און אַזוי אַרום זיך בשלום אומגעקערט אַהיים.

אין 1915 זיינען מיר — אַלס אידן — אַרויסגעטריבן געוואָרן דורך אַן אוקאַז פון צאַרישן רעזשים, פון דער גרענעץ־זאָנע. געטאָן האָט עס דער רעזשים, וואָרעם ער האָט געהאַלטן, אַז צוליב דעם, וואָס מיר זיינען ניט קיין אויסגעשפּראָכן פּאַטריאָטישע בירגער, וועלן מיר — דורכן אַרויסטרייב — ניט זיין בכוח צו שעדיקן די רוסישע אַרמיי, וואָס האָט נאָך איניקע מפּלות, זיך אָנגעהויבן צוריקקערן פונעם גאַליציע־פראָנט.

וואָס ס׳האָט פּאַסירט אין שטעטל ווען די טרויעריקע נייעס האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט, קען מען זיך שוין פאָרשטעלן.

ווען דער פּאָליצייסקער נאַדזיראַטעל (פּאָליציי־שעף) האָט געמאָלדן, אַז אין דריי טעג אַרום דאַרף די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג זיך עוואַקואירן, האָט ער מיין פאָטער איינצייטיק איבערגעגעבן, אַז אַ באַפעל פון דער העכערער מאַכט, אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק, לויטעט, אַז דער טאַטע זאָל אַרעסטירט ווערן און אָפּגעשיקט ווערן „עטאַפּנאָם פּאָריאַדקאָם״ — קיין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק.

אַזוי ווי דער דערמאָנטער פּאָליציי־שעף איז כסדר געווען אין פריינטלעכע באַציאונגען מיט מיין טאַטן, האָט ער באַשלאָסן, אַז וויבאַלד דער טאַטע און די גאַנצע פאַמיליע דאַרפן יעדנפאַלס פאַרלאָזן זייער היים, וועט ער דעם באַפעל פאַרבייגן און אים ניט אַרעסטירן — אָבער בתנאי, אַז ער זאָל גלייך אַוועקפאָרן.

מיר זיינען אַרויסגעפאָרן קיין זינקאָוו, וואו מיר האָבן געהאַט קרובים. אין גיכן — קיין באַר, וואו ס׳האָט געוואוינט שלום פּערלמוטער, אַ קוזין.

אין עטלעכע חדשים אַרום, איז באַר באַזוכט געוואָרן פון אַ זשאַנדאַרם פונעם הוסיאַטינער פּאָליטישן זשאַנדאַרם־אָפּטייל. ווי אַן אַלטער פריינט האָט ער באַזוכט אונדזער היים, אין באַר, און געהאַט אַ פריינטלעכן שמועס מיטן טאַטן.

נאָך זיין אַוועקגיין, האָבן די מאַמע און פּערלמוטער געראָטן דעם טאַטן, ער זאָל אַוועקפאָרן אין אַן אַנדער אָרט, וואָרעם צופיל אָנפּאַרטרויען דער זשאַנדאַרמעריע קען מען ניט. דער טאַטע איז דערויף ניט איינגעגאַנגען, האַלטנדיק אַז קיין געוויינטלעכן אָדער פּאָליטישן פאַרברעכן איז ער ניט באַגאַנגען. אָבער אין עטלעכע טעג אַרום, איז ער פון דער באַר־פּאָליציי אַרעסטירט געוואָרן און אַוועקגעשיקט געוואָרן אין דער מאַגילאָוו־פּאָדאָלסקער טורמע.

ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ ניי, טראַגיש קאַפּיטל אין אונדזער לעבן.

ווי עס ווייזט אויס, איז דער טאַטע באַטראַכט געוואָרן, פונעם עסטרייכישן רעזשים, ווי אַ רוסישער פּאַטריאָט; און פון דער רוסישער זשאַנדאַרמעריע — ווי אַן עסטרייכישער שפּיאָן. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אַ שפּיאָן איז ער ניט געווען; ער האָט זיך קיין מאָל ניט געהאַט באַטייליקט אין וועלכע ס׳איז אומלעגאַלע אונטערנעמונגען. אונדזער פאַמיליע האָט געהאַלטן, אַז מ׳האָט געשיקט אַ פאַלשע מסירה.

דער קיעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר האָט דעם טאַטן צוגעשטעלט אַן אַד־מיניסטראַטיווע „ווײסילקע" קיין סיביר. ס׳איז ניט פאָרגעקומען קיין שום פּראָצעס. קעגן מיין פאָטער איז גאָרניט באַוויזן געוואָרן.

אין יענע צייטן, האָט יעדער רעגירונג־אויטאָקראַט — באַזונדערס דער גובערנאַטאָר — געהאַט ס׳רעכט, צו פאַרשיקן וועמען ס׳איז, אין דער וויל־דעריש, טויזנטער מייל פון זיין היים, פונוואַנען דער גרעסטער טייל האָט זיך שוין מער ניט אומעקערט. די מאַמע און שלום פערלמוטער זיינען דעם טאַטן נאָכגעפאָרן קיין מאָגילאָוו־פּאָדאָלסק, פּועלנדיק ביי דער דאָרטיקער מאַכט — דורך מזומן — אַז ער זאָל ניט דאַרפן דורכמאַכן דעם לאַנגן, שווערן, קאַלטן וועג פון איין טורמע צו דער צווייטער; און ער איז געפאָרן מיט דער אייזנ־באַן, באַגלייט פון אַ ספּעציעלן וועכטער.

פאַרן פאָטערס אָפּפאָר, האָט ער זיך אויסגעדריקט פאַר דער מאַמען, אַז אויב די צרות וואָס זיינען אָנגעשיקט געוואָרן — אויף אים און אויף דער גאַנצער פאַמיליע — נעמען זיך פון זיין אָנטייל אין אידישער קהלישער טע־טיקייט, נעמט ער עס אָן באהבה (מיט ליבשאַפט).

ער איז פאַרשיקט געוואָרן קיין פּערם, אַ וויייטע אוראַל־שטאָט, ביים סיביר־גרענעץ. פון דאָרט האָט מען אים איבערגעשיקט קיין אסאַק, אַ פּראָ־ווינץ־שטעטל. אין דער דאָרטיקער פּרעסע זיינען דערשינען פאַרשידענע לידער זיינע.

פון אסאַק האָט מען אים — אויף זיין בקשה — אַריבערגעפירט קיין וויאטקע, אַ גובערניע־הויפּטשטאָט, וואו ס׳האָט געוואוינט איינער אַ ד"ר שטרייטער, פון קאַמענעץ־פּאָדאָלסק, וואָס האָט אים געהאָלפן זיך איינאָרדענען אַלס קאַסירער ביי אַן אויל־פירמע.

פּלוצלונג האָט זיך דעמאָלט אָנגערוקט אַ פרישע כמאַרע, וואָס האָט גע־האַט אַ זייער טראַגישן סוף.

מיין שוועסטער, ראָזע — וואָס האָט ביז יענער צייט געהאַט געלערנט אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק — האָט געקלאַפּט אין אַלע מלוכהשע טירן, זוכנדיק באַ־קאַנטשאַפטן און פאַרבינדונגען, כדי אַרויסצוראַטעווען דעם טאַטן פון פאַר־שיקונג. אַהיימפאָרנדיק קיין באַר, איז זי קראַנק געוואָרן אויף דיזינטעריע.

אין מינקאָוויץ, איז ראָזע, דרוך פריינט — שמואל־משה וואַקס אַן אָנקל פון יצחק און דוד שמואל וואַקס, און זיין פאַמיליע — אַריינגענומען געוואָרן אין זייער וואוינונג, וואו זיי האָבן אָנגעווענדט אַלע מעדיצינישע מיטלען, זי צו ראַטעווען. די באַמיאונגען האָבן זיך אָבער ניט איינגעגעבן.

פרייטיק, דעם 17טן סעפּטעמבער (ערב יום כיפור), 1915, איז זי אויס־געגאַנגען, אין בלינעדיקן עלטערן פון 22 יאָר.

ווער פון אונדזערע לאַנדסלייט ס׳געדענקט זי, וועט זיך דערמאָנען, אַז זי איז געווען אינטעליגענט, געבילדעט, גוט דערצויגן און אַ יפת־תואר. אונדזער גאַנצע פאַמיליע קען זי ביז היינטיקן טאָג ניט פאַרגעסן.

געשטאָרבן איז זי אין דער פרעמד, מקיים זייענדיק דעם פסוק פון כבוד אב ואם, פאַר ווערלן ראַטעווען דעם טאַטן.

שלום לעפרה.

נאָך ראָזעס טויט איז מיין שוועסטער פעי־גאַסי ע״ה געפאָרן מיט אונ־זער קוזין, שלום פערלמוטער, קיין פערם, אָנצוזאָגן דעם טאַטן די טרויעריקע בשורה וועגן ראָזען. ער איז דערפון געוועזן גוואַלדיק דערדריקט.

פון פערעם זיינען פעי־גאַסי (ז״ל) און שלום פערלמוטער געפאָרן קיין פעטראָגראַד, די רוסישע הויפטשטאָט, פאַרצוזעצן זייערע באַמיאונגען, אַז דער טאַטע זאָל דערלויבט ווערן זיך אומצוקערן צו זיין פאַמיליע.

אין פעטראָגראַד האָט זיך דעמאָלט געהאַט געפונען באַראָן דוד גינצבורג — אָנגעזעענער מיליאָנער און פאָרשטייער פונעם רוסישן אידנטום — וועל־כער האָט פערזענלעך געהאַט געקענט מיין פאָטער.

אין פעטערבורג האָט זיך אויך געפונען יונה גינזבורג, פון הוסיאַטין, וואָס האָט געהאַט פאַרנומען אַן ערן־פאָסטן און איז געווען אַן אוניווערסיטעט־פראָפעסאָר.

סיי באַראָן דוד גינצבורג, סיי יונה גינצבורג, וואָלטן זיכער געקענט — דורך זייערע פאַרבינדונגען — אויסווירקן ביי דער צענטראַלער מאַכט אַ גינ־סטיקע אַנטשיידונג לטובת אונדזער פאָטער. אָבער אין פעברואַר, 1917, האָט אויסגעבראָכן די רוסישע רעוואָלוציע און אַלע פאַרשיקטע זיינען אויטאָמאַטיש באַפרייט געוואָרן.

כ׳בין געפאָרן קיין וויאַטקע, וואו כ׳בין אַריינגעטראָטן אין אַ גימנאַזיע, פאָרצוזעצן ס׳לערנען וואָס איז — דורך דער מלחמה און אַנדערע ביטערע געשעענישן איבערגעריסן געוואָרן.

דעם 4טן מערץ, 1917, איז דער טאַטע געשטאָרבן אין וויאַטקע. כ׳האַלט, אַז אויף אים האָבן שטאַרק געווירקט — סיי שוועסטער ראָזעס טויט, סיי די צרות פון דער פאַמיליע און דאָס איינזאַם לעבן אין דער ווייטער, פרעמדער, קאַלטער געגנט.

אין וויאַטקע האָבן זיך געהאַט געפונען אַ קליינע אידישע קהילה, אַ שול צום דאַווענען און אַ בית־עולם, וואו דער טאַטע איז געבראַכט געוואָרן צו זיין אייביקע רו.

צוליב אַ ריי סיבות, איז אונדזער משפחה דעמאָלט ניט געווען בכוח צו שטעלן אַ מצבה אויף זיין קבר; זאָל דעריבער דער דאָזיקער „ספר הזכרון״ דינען צווישן אַנדערן, ווי אַ סימבאָל פון זיין אייביקן אָנדענק און „תהיה נשמתו צרורה בצרור החיים״.

נאָכן טאַטנס טויט, בין איך — זומער, 1917 — געפאָרן אויף אַ קורצן באַזוך צו אַברהם פרידמאַן און זיין פאַמיליע, וואָס האָבן געהאַט געוואוינט אין פערם. פון דאָרט — צוריק קיין וויאטקע, וואו כ׳האָב פאַרבראַכט איי־ניקע וואַקאַציע־חדשים. כ׳האָב זיך איינגעשאַפן אייניקע תלמידים, וועמען כ׳האָב געלערנט אידיש און העברעאיש.

אַהיימקומענדיק, האָב איך געזען פאַר זיך די קריג־אָפּעראַציעס אין פולן גאַנג. געפירט פון קערענסקי, האָט דאָס רוסישע מיליטער — נאָכן אָנהייב פון דער רעוואָלוציע — זיך געצויגן אויפן גאַנצן עסטרייך־אונגאַרישן פראָנט, אויך דורך גאַליציע, אָפּטרעטנדיק, אין גרויס אומאָרדענונג, טיף אין לאַנד, דורך הוסיאַטין.

צוקומענדיק צו אונדזער הויז, האָב איך די פאַמיליע ניט געטראָפן; כ׳האָב אָבער באַמערקט, אַז דאָרט איז פאָרגעקומען אַ רויבעריי און די משפחה האָט זיך ערגעץ־וואו באַהאַלטן פון די רויבערישע זעלנער־באַנדעס. אונדזער אַ קריסטלעכער שכן האָט מיר איבערגעגעבן, אַז מיין מוטער און קינדער ליגן אין אַ באַהעלטעניש, ביי אים אין הויז.

די הוסיאַטינער אידישע באַפעלקערונג האָט געהאַט איבערגעלעבט אַ שרעקלעכע צייט. דיסציפּלינלאָז, האָבן די סאָלדאַטן געראַבעוועט אַלעמען, באַזונדערס די אידן.

מיר זיינען צוריקגעפאָרן קיין טשימראָוויץ.

פון דאָרט, האָט מיין פאַמיליע זיך אַריבערגעצויגן קיין באר. דורך קאַמע־נעץ־פּאָדאָלסק, בין איך צוריקגעפאָרן קיין וויאַטקע פאָרצוזעצן דאָס לערנען אין דער דאָרטיקער האַנדלס־שול.

אברהם פרידמאַן האָט מיר צוגעשיקט — פון פערם דרייסיק רובל אַ חודש, אַזוי אַרום צו הילף קומענדיק מיר, מיט געלט־מיטלען, אַז כ׳זאָל קע־נען לערנען נאָך אַ יאָר אין וויאַטקע. ווי ס׳איז צו זען האָט דער גוטער פריד־מאַן געהאַלטן פון דער אידישער מידה אַח לצרה יולד (אַ ברודער ווערט געבוירן אין צייט פון צרות).

און אָט האָט אויסגעבראָכן די צווייטע רוסישע רעוואָלוציע (אָקטאָבער), ווען די באָלשעוויקעס האָבן — אין פּעטראָגראַד — פאַרכאַפּט די מאַכט פון דער צייטווייליקער רעגירונג.

אין אוקראַינע האָט דעמאָלט געהערשט אַ מין אוקראַינישע רעגירונג, מיט אַ העטמאַן (פּירער) בראש. כדי צוריקצופאָרן קיין אוקראַינע, האָט מען באַדאַרפט האָבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש. האָב איך, צוליב דעם, זיך אָפּ־געשטעלט אין קורסק. נאָך לאַנגער מאַטערניש, האָב איך געקראָגן די גוט־הייסונג, דורכצופאָרן די רוסיש־אוקראַינישע גרענעץ.

אומקערנדיק זיך קיין באר, בין איך אַריינגעטראָטן אינעם רעאַל־שול לערער־סעמינאַר, פאָרזעצנדיק דאָס לערנען.

אין 1919, האָבן מיר — איך און מיין משפחה — זיך אומגעקערט קיין הוסיאַטין, וואו ס׳האָט זיך געפונען אַ נייטראַלע זאָנע — צווישן רוסלאַנד און פּוילן. לאַנג האָט ניט גענומען און הוסיאַטין איז אוונטערגעוואָרפן געוואָרן אונטער באָלשעוויסטישער ממשלה.

מיין ברודער וויטשע איז געלעגן אין אַ טשעקיסטישן קעלער, אין קאַמע־נעץ־פּאָדאָלסק, פון וואַנען ער איז, דורך אַ נס, אַויסגעראַטעוועט געוואָרן פון דערשאָסן ווערן.

אין 1922 האָט ער זיך באַזעצט אין מעקסיקע.

כ׳האָב פאַרלאָזט הוסיאַטין און בין געקומען קיין האַוואַנאַ, קובא, אין אָקטאָבער, 1923.

ווי געוויינלעך, איז ס׳לעבן — אין דער נייער וועלט — אין אָנהייב געווען שווערלעך. אָבער מיט דער צייט — ווי די מערסטע ניי־געקומענע — האָב איך זיך ביסלעכוויז איינגעאָרדנט, און האָב געקאָנגט אַ פּאָרשטייערשאַפט פון דער איסטמאַן קאָדאַק פירמע. דערמיט איז מיר געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט צו עפענען איינע געשעפטן פון פאָטאָגראַפישע מאַטעריאַלן, מיט וועלכע כ׳בין געווען באַקאַנט נאָך פון דער אַלטער היים, אין הוסיאַטין.

אין 1926, זיינען מיין מוטער און די קינדער — מיט מיין הילף — אָנגעקומען קיין האַוואַנאַ. כ׳האָב געטאָן אַלץ, צו העלפן מיינע אייגענע זיך איינצואָרדענען און באַזאָרגן מיט אַלע באַדערפענישן.

די איינציקע, וואָס זיינען פאַרבליבן אין קאָפּיטשעניץ, זיינען געווען שוועסטער גוסי, ע״ה, און איר משפּחה. נאָכן טויט פון איר מאַן, זוניע מיימאָן, ע״ה, האָב איך איר — און אירע צוויי יונגע קינדער אַ אינגל און אַ מיידל — געהאָלפן אַריבערקומען קיין האַוואַנאַ.

כ׳האָב געמיינט, אַז גוסי, ע״ה, וועט זיך פאַראייניקן מיט אונדזער גאַנצער פאַמיליע און וועט דערציען אירע קינדער אין דער נייער וועלט. צום באַדויערן, אָבער האָט זי דאָ ניט געפונען אַ מקום מנוחה. זי האָט זיך, מיט די קינדער, צוריקגעקערט קיין קאָפּיטשעניץ, גאַליציע, וואו זי איז אין גיכן געשטאָרבן.

די איבערגעבליבענע צוויי יתומים האָבן זיך אַ צייטלאַנג אויפגעהאַלטן ביי זייער באָבען און מומען, די מוטער און שוועסטער פון זייער פאַרשטאָרבענעם טאַטן.

ווען די היטלער־מגפה האָט דערגרייכט גאַליציע, זיינען — דורך די נאַציס —אומגעבראַכט געוואָרן: די באָבע, פרוי מיימאָן; שוועסטער מאַניע און מיין שוועסטערס טעכטערל.

דער איינציקער, וואָס האָט זיך געראַטעוועט, איז געווען דער זון, וועמען עס האָט זיך איינגעגעבן — אַ דאַנק מיינע שפּעטערדיקע באַמיאונגען — צו קומען קיין קובאַ. ער געפינט זיך איצט מיט זיין פאַמיליע אין מיאַמי, פלאָרידאַ.

אין קאָפּיטשעניץ, האָב איך זיך געהאַט באַקענט מיט פערל (פּעפּי) שוואַרץ. איך האָב איר פאָרגעשלאָגן, אַז זי זאָל קומען קיין קובאַ, מיט מיר דאָרט חתונה האָבן. זי האָט איינגעוויליקט און אין יוני, 1934, האָבן מיר געהייראַט.

מיין מוטער, לייקע (ע״ה), איז געשטאָרבן אין האַוואַנאַ, קובא, דעם 16טן יאַנואַר, 1955.

בעת מיין אויפהאַלט אין קובאַ, האָב איך זיך אַקטיוו באַטייליקט אינעם דאָרטיקן געזעלשאַפטלעכן לעבן. כ׳בין געווען אַן עקזעקוטיוו־מיטגליד פון דער קובאַנער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע; אויך בין איך געווען אָנגעשלאָסן

אין אַ רייִ פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס און אינעם האַוואַנער רעליגיעזן אידישן צענטער.

צווישן אַנדערן, האָב איך זיך באַטייליקט אינעם אידישן האַנדלס־קאַמער, אין קובא; און בין געווען אַן עקזעקוטיוו־מיטגליד פון דער דאָרטיקער „צענ־טראַ איזראַעליטאַ אָרגאַניזאַציע".

***

נאָך דער קובאַנער רעוואָלוציע — און דעם איינפּיר, דורך פידעל קאַסטראָ, פונעם באָלשעוויסטיש־קאָמוניסטישן רעזשים — האָב איך און מיין פרוי באַ־שלאָסן צו פאַרלאָזן קובאַ.

מיר זיינען געבענטשט מיט צוויי וואונדערלעכע טעכטער, איידעמס און אייניקלעך.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן, זיינען זיי אַלע געקומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן. זיי וואוינען אין ניו־יאָרק, וואו זיי האָבן זיך, אַ דאַנק גאָט גוט איינ־געאָרדנט.

# הוסיאַטין, אַ שטעטל אין מזרח־גאַליציע, וואָס איז געווען אַמאָל אַ וויכטיקער אידישער צענטער

צוגעשיקט פון תל־אביב, ישראל, פון פּאָלאַ אַווערבוך־קאָהן

פון דער רעדאַקציע:

די דאָזיקע אויספאָרשונג, וואָס איז אַרויסגענומען געוואָרן פון אַן ענציקלאָפּעדיע און איז צוגעשיקט געוואָרן צו אונדז פון פּאָלאַ קאָהן־אַווערבוך, איז וועגן הוסיאַטין, מזרח־גאַליציע.

אויך די באַשרייבונג פון אברהם יצחק אביטוב (בירנבוים), איז וועגן הוסיאַטין, וואָס געפינט זיך פון „יענער זייט", ד.ה. אין גאַליציע.

אַזוי ווי אָבער „ביידע הוסיאַטינס", זיינען גייסטיק כמעט אַלע מאָל געווען ווי איינס, און איין הוסיאַטין האָט שטענדיק געלעבט מיט דער צווייטער הוסיאַטין, דרוקן מיר די דאָזיקע צוויי אַרבעטן. עס איז אויך דאָ אַ סברה, וואָס ווערט דערמאָנט אין פאַרשידענע פאָרשונגען און אויך אין בקי דיימאָנדס אַרבעט אין בוך (זע זייט 6), אַז ביידע הוסיאַטינס זיינען אַמאָל געווען טאַקע איין שטאָט.

מיר גיבן דאָ אַן איבערזעצונג אין אידיש פון דעם זעלבן אַרטיקל, וואָס געפינט זיך אין העברעאישן אָריגינאַל באַלד נאָך דער איבערזעצונג, אויף די זייטן 83 און 84.

---

לויט פאַרשידענע קוועלן האָבן זיך אידן אָנגעהויבן באַזעצן אין הוסיאַטין אין זעכצעטן יאָרהונדערט און ווייטער. אין 1623 האָט מען שוין דאָרט זיי באַשולדיקט אין אַ בלוט־בלבול און דריי אידן זיינען פאַר דעם פאַרברענט געוואָרן על קידוש־השם. די גרויסע שול וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ פעסטונג איז אויפגעבויט געוואָרן אין דער צווייטער העלפט פון זיבעצעטן יאָרהונדערט, מיט דער הילף פון דאָרטיקן פריץ, גראַף פּאָטאָצקי. דער זעלבער גראַף האָט אויך זיך איינגעשטעלט קעגן די רדיפות אויף דער אידישער באַפעלקערונג אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק אין אָנהייב פון אַכצעטן יאָרהונדערט.

הוסיאַטין איז געווען אַ וויכטיקער צענטער פון דער פּראַנקיסטישער באַוועגונג, וואָס איז דעמאָלט געווען פאַרשפּרייט אין פּאָדאָליער געגנט.

אין יאָר 1765 זיינען אין הוסיאַטין געווען 1.100 אידן, וועלכע האָבן געצאָלט שטייערן. אין יאָר 1900 האָבן זיך שוין דאָרט געפונען 3.700 אידן, צווישן אַן אַלגעמיינער באַפעלקערונג פון 5.400. אין 1921, נאָך דעם חורבן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, זיינען פאַרבליבן נאָר 400 אידן (פון אַ באַפעלקערונג 2.100).

פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן געוואוינט אין הוסיאַטין אַן ערך פון 1800 אידן. די גאַנצע אידישע קהילה איז פאַרטיליקט געוואָרן דורך די נאַציס צווישן די יאָר 1942־1943.

אין הוסיאַטין האָט זיך אַנטוויקלט דאָס צענטראַלע וואוינאָרט פון די ריזשינער רביים, וואָס האָבן אָפּגעשטאַמט פון ר׳ ישראל פרידמאַן פון ריזשין (רוסלאַנד), וועלכע האָבן פאַרמאָגט אַ גרויסע נאָכפאָלגערשאַפט אין דער צווייטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט.

ר׳ מרדכי־שרגא פייוויש פרידמאַן (געבוירן אין יאָר 1834, אין סאַדיגור), דער זון פון ר׳ ישראל ריזשינער, האָט זיך באַזעצט אין הוסיאַטין אין 1861 און האָט אָנגעהויבן אַנטוויקלען די ריזשינער דינאַסטיע. זיין הויף האָט זיך געפירט מיט גרויס גלאַנץ און רייכטום. עס האָבן זיך צו אים געצויגן אַ גרויסע צאָל חסידים פון גאַליציע און אומגעגנט, מיט וועגענער און באַנען.

מערסטנס זיינען די חסידים געווען פון אַ רייכערן קלאַס אידן. די דאָזיקע באַוועגונג פון סוחרים, לאַנד־באַזיצערס און אידן מיט געלט, האָבן אויסגעברייטערט די מאַטעריעלע לאַגע אין רבישן הויף.

דער רבי האָט דערמוטיקט די חסידים אויסצובּרייטערן זייערע געשעפטן. אין דער זעלבער צייט האָט ער געזאָרגט פאַר די אָרעמע תלמידי־חכמים און כלי־קודש פון די דאָרטיקע אידישע קהילות, ער האָט אויך געוואָרנט דעם רייכן קלאַס אידן זיך ניט אָפּטיילן פון אָרעמען טייל פון די אידישע מאַסן, און לערנען וואָס מער תורה און גוטע מידות.

דער רבי ר׳ מרדכי־שרגא איז געווען אַ שטאַרקער קעגנער פון דער השכלה־באַוועגונג, וואָס האָט לויט זיין מיינונג אָפּגעשוואַכט דעם רעליגיעזן געדאַנק צווישן אידן. אין געזעלשאַפטלעכע ענינים האָט ער באַזירט זיינע וועלט־אנשויאונגען מיט די מיינונגען פון הרב שמעון סופר, וועלכער איז אין יענער צייט אויך געווען אַ פאָרשטייער אין עסטרייכישן פּאַרלאַמענט.

ר׳ ישראל פרידמאַן, דער ערשטער זון פון ר׳ שרגא־פייבוש (תרי״ח, 1948), איז ביים אויסבּרוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה (1914) אַנטלאָפן קיין ווין, דאָרט האָט ער זיך אַרומגערינגלט מיט פיל חסידים און פריינט. ער האָט זיך דערנענטערט צום רעליגיעזן ציוניזם און צו דער מזרחי־באַוועגונג. ער האָט פאַרשפּרייט דעם געדאַנק, אַז עס איז אַ מצווה עולה צו זיין און זיך צו באַזעצן אין ארץ ישראל. דער רבי ר׳ ישראל פרידמאַן איז געקומען אין ארץ הקדושה אין יאָר 1937 און דאָרט באַנייט דעם רבישן הויף אין תל־

אביב. ער האָט זיך באַטייליקט אין דער אַרבעט פון „הפועל המזרחי״ און ספּעציעל אין עקסטרעמען פליגל פון רעליגיעזער דערציאונג. צו דעם האָבן זיך אויך דערנענטערט די אַנדערע רביים פון דער ריזשינער דינאַסטיע און אַלע צוזאַמען זיינען געווען קעגן דעם הויפּט־ראַבינאַט, וואָס איז לויט זייער מיינונג, ניט געווען גענוג רעליגיעז.

ר׳ יעקב פרידמאַן דער זון ר׳ יצחק מבוהוש (אַ ברודער פון רבין ישראל פרידמאַן) האָט חתונה געהאַט מיט דעם רבינס (ישראל פרידמאַן) אַ טאָכטער. ער איז געווען אַן אַנטוויקלטער מענטש, געקענט אייניקע אייראָפּעאישע שפּראַכן, פילאָסאָפיע און מאַטעמאַטיק און האָט געוואוינט אין רבינס הויף. ער האָט געגרינדעט אין ווין אַן אָפּטיילונג פון מזרחי. אין ישראל האָט ער באַזוכט די אידישע קאָלאָניעס, געפּרעדיקט רעליגיעזע דערציאונג און דעם געדאַנק פון רעליגיעזן אויפבוי פון לאַנד.

נאָכן טויט פון רבין ישראל פרידמאַן אין 1948 האָט ער איבערגענומען דעם רבנישן הויף, און ווייטער געצויגן די רבישע דינאַסטיע.

(איבערזעצט פון העברעאיש פון בקי (בענדזשאַמין) און עטי דיימאָנד)

# מעשה הוסיאַטין

הוסיאַטין, עיירה באוקראינה המערבית (מחוז טרנופול, גליציה המזרחית), שהיתה לפנים מרכז יהודי חשוב.

על ישיבתם של יהודים בהוסיטין יש עדויות מן המאה ה־16 ואילך. ב־1623 אירעה בה עלילת־דם, ושלושה יהודים נשרפו על קידוש־השם. בית־הכנסת הגדול הדומה לטירה מבוצרת נבנה במחצית השניה של המאה ה17 ושוכלל בראשית המאה ה־18 בתמיכתו של אדון־העיר פוטוצקי. השר פוטוצקי אף הגן על יהודי עירו מפני רדיפות ההגמון של קאמנץ־פודולסק בראשית המאה ה־18. בהוסיטין היה מרכז חשוב לתנועה הפרנקיסטית — ב־1765 נימנו בהוסיטין 1,100 יהודים חייבי־מס; ב־1900 היו בה 3700 יהודים (באוכלוסיה כללית של 5,400), ב1921 רק 400 (בתוך 210) — כתוצאה מחורבנה במלחמת העולם הראשונה. לפני מלחמת־העולם השניה ישבו בהוסיטין כ־1800 יהודים. קהילת הוסיטין הושמדה ע״י הנאצים ב־3־1942.

בהוסיטין היה מושבו של בית־האדמו״רים חסידי, ענף משושלת ר׳ ישראל מריז׳ין (ע״ע פרידמן), שהשפעתו בגליציה היתה גדולה במחצית השניה של המאה ה־19 ובמאה ה־20 הגיעה לחוגים של יוצאי גליציה שבווינה ובא״י.

(1) ר׳ מרדכי שרגא פייבוש פרידמן (תקצ״ד, סדיגורה, תרנ״ד הו׳), בן ר׳ ישראל מריז׳ין, השתקע בהוסיטין בתרכ״א — 1861 והחל לנהוג מנהג אדמו״ר. בחצרו נהגו בגינוני הוד ובסגנון של שפע ותפארת. במיוחד נמשכו

אליו האמידים שביהודי גאליציה המזרחית — סוחרים, חוכרים, משקיעי־הון במפעל־תעשיה ובמסילות־ברזל. ר"מ העריך את ההצלחה הכלכלית, ואף עודד את חסידיו בעסקיהם; יחד עם זה דאג לצירופם של תלמידי־חכמים עניים אל חבורת המנהיגים בעדתו. אמרו עליו, שהוא קירב במיוחד את אלה נשתעשרו מהר, כדי להזהירם מפני מיעוט תורה, מפני התנשאות על פשוטי־העם ומפני השחתת המידות. ר"מ היה מתנגד נמרץ להשכלה ולתיקונים בדת. בפעילותו הציבורית תמך בפעלותיו המדיניות של הרב שמעון סופר (ע"ה) כציר הפארלאמנט האוסטרי.

(2) ' ישראל פרידמאן (תרי"ח הו' — תש"ט, ת"א), בן (1) ואדמו"ר הו' מתרנ"ך ואילך. בפרוץ מלחמת העולם הראשונה נמלט לווינה ושם נתלכדו סביבו אלפי חסידים ואוהדים. ר"י תמך בציונות החרדית והיה מקורב לתנועת המזרחי; הוא הטיף לקיום מצוות העליה לא"י ומצוות הישיבה בה. בתרצ"ז עלה לא"י והקים חצרו בתל־אביב. הוא עמד במגע עם ישובי הפועל המזרחי ועם מוסדות חינוך והוראה חרדים, נמנה עם יוזמי איחוד המפלגות הדתיות במסגרת „החזית הדתית המאוחדת" ובהנגתו חתמו כל האדמו"רים לבית ריז'ין על גילוי־דעת נגד החרדים הקיצונים ולהגנת סמכויותיה של הרבנות הראשית בא"י.

(3) ר' יעקב פרידמן (תרל"ט, בוהוש — תשי"ז, ת"א), בן ר' יצחק מבוהוש, בן־אחיו של (2). ר"י גדל באוירה של חיבת ציון בבית אביו, בצד לימודיו התורניים למד גם שפות אירופיות, פילוסופיה ומאתמטיקה. הוא נשא את בתה של (2) לאשה ודר שנים רבות במחיצת חותנו. בימי ישיבתו בווינה היה פעיל בתנועת הציונות הדתית והשתתף בייסוד „המזרחי" שם. בתרצ"ז עלה לא"י והשתקע בתל־אביב, ואחרי מות חותנו (תש"ט) ירש את אדמו"רות הו' שם. בא"י התקרב אל הפועל המזרחי, נוהג לבקר בישובים חקלאיים ובמוסדות חינוך והוראה תורניים, ובמאמריו ודרישותיו פיתח את רעיונות הציונות הדתית.

# אַן עלילת דם אין הוסיאַטין אין 19טן יאָרהונדערט ; 3 אידן פאַרברענט אויף שייטערהויפן

פון אברהם יצחק אביטוב (בירנבוים) (תל־אביב, ישראל)

(איבערגעדרוקט מיט דער דערלויבעניש פון דעם מחבר)



דער שמאָלער טייך זברוטש טיילט אָפּ צוויי שטעטלעך מיטן זעלבן נאָמען הוסיאַטין. צוויי מדינות האָבן זיך באַגעגנט דאָ, דאָס צאַרישע רוסלאַנד און קייזערלעכע עסטרייך.

אידן פוןביידע זייטן זברוטש זיינען גע־ווען פאַרבונדן משפחהווייז און מסחרווייז. די באַוועגונג איבערן גרענעץ איז געווען אַ פרייע. אַ שטאַרקער מסחר איז געגאַנגען איבער דער בריק. די אידישע קהילה, אַן אַלטע, פאַרפונ־דעוועטע, האָט געהאַט איר שפּיטאָל, מושב זקנים, צדקה־אַנשטאַלטן און הכנסת־אורחים־הייזער.

די אָרטיקע שול, איינע פון די עלטסטע און באַרימטסטע אין פוילן, האָט געדינט ווי אַ פעסטונג אין ת״ח ות״ט מלחמות קעגן כמעלניצקי ימ״ש. אַ גרויס בילד פון דער שול־פעסטונג געפינט זיך איצט אין דעם בצלאל־מוזעאום אין ירושלים. לויט באַלאַבאַן, האָט די שטאָט — פאַר דער צעטיילונג פון פוילן — געהערט צו פּאָדאָליע, קרייז טשערנאָגרודעק. די באַציאונג פון די אייגנ־טימער פון דער שטאָט צו די אָרטיקע אידן איז געווען פאַרשיידן — אין פאַרשיידענע צייטן פון איר געשיכטע, וואָס ציט זיך אַזש פון 15טן יאָרהונ־דערט.

אין יאָר 1623 האָט הוסיאַטין פאַרזוכט דעם טעם פון עלילת דם. די פּריצה קלאָנאָווסקא און איר זון מאַרטין האָבן באַשולדיקט דריי אידן אין אַריינגאַרן און דערמאָרדן קריסטלעכע קינדער. די אידן זיינען פאַראורטיילט געוואָרן אָן אַן עפנטלעכן משפט. עדות האָבן דערציילט, אַז מ׳האָט די אידן

שרעקלעך געפייניקט און נאָך דעם פאַרברענט אויף אַ שייטערהויפן. אַזוי זיינען הוסיאַטינער אידן געגאַנגען על קידוש השם.

אין יאָר 1672 איז די שטאָט פאַרנומען געוואָרן דורך די טערקן. ביז היינט געפינען זיך סימנים פון יענער עפּאָכע — די קיילעכדיקע באַשטע (קופּאָל) און די 4 טויערן. 30 יאָר האָט געדויערט די טערקישע הערשאַפט און שפּעטער איז די שטאָט אַריבער צו פּוילן.

אין אָנהייב 17טן יאָרהונדערט — די תקופה פון בעל־שם־טוב — האָט די שטאָט געציילט 1435 נפשות (אידישע), וואָס האָבן געצאָלט קאָפּ־שטייער צום ועד ארבע הארצות. אין אָנהייב 18טן יאָרהונדערט האָט גראַף פּאָטאָצקי איבערגענומען די שטאָט און די געגנט. אַ אידן־פריינט, האָט ער באַנייט די שול, געבויט אַ מויער אַרום בית־הקברות און געבויט אַ שעכט־הויז, וואָס ער האָט איבערגעגעבן צו דער אידישער קהילה.

ווען עס איז באַשטימט געוואָרן אַ נייער גובערנאַטאָר אין קאַמיעניעץ פּאָדאָלסק מיט נאָמען טשאַרקאָווסקי, האָט ער געהייסן צעשטערן דעם בית־עולם (לויט זיינע רייד איז עס געשטאַנען אויף די רעשטלעך פון אַ קירך), געהייסן פאַרשליסן די שול און אַרויפגעלייגט אַ שטראָף פון 100 דוקאַטן אויף די הוסיאַטינער אידן.

פּאָטאָצקי האָט זיך קעגנגעשטעלט דער גזירה און די זאַך איז געבראַכט געוואָרן צום געריכט אין לובלין.

דער וואָיעוואָדא האָט געוואונען. דאָך, אַ דאַנק פּאָטאָצקיס אינטערווענץ, איז דאָס בית־הקברות פאַרבליבן אין אידישן רשות.

ווען עסטרייך האָט פאַרנומען גאַליציע איז הוסיאַטין געוואָרן אַ גרויסער צענטער פאַר האַנדל מיט פּאָדאָליע. אין יאָר 1900 ציילט די שטאָט 3573 אידן, און 1914 — קרוב 8,000.

דער אידישער שרייבער האָראָדעצקי אין זיין ספר וועגן ר׳ נחמן בראַצלאַווער דערמאָנט הוסיאַטין ווי זיין וואוין־אָרט.

ר׳ נחמן האָט געגומען איינע פון די היגע אידישע טעכטער פאַר אַ ווייב און נאָך דעם אַרומגעוואַנדערט אין דער אומגעגנט, אין די וועלדער און בערג, געפאָרן אין אַ שיפל אויפן טייך זברוטש. דאָ אין הוסיאַטין האָט ר׳ נחמן אַנטוויקלט זיינע נייע געדאַנקען וועגן חסידיזם — וואָס האָבן אָפּגענייגט פונעם אָנגענומענעם דרך.

דער מלבי״ם, ר׳ שלמה בובער און אַנדערע גאונים — פּאָרזאָגער פון השכלה — האָבן דאָ געוואַנדערט אין דער געגנט פון הוסיאַטין.

ר׳ מרדכי שרגא, אַ זון פון רוזשינער צדיק, האָט זיך דאָ באַזעצט און געשאַפן די דינאַסטיע פון די הוסיאַטינער רביים. ר׳ ישראל, דער לעצטער הוסיאַטינער צדיק, האָט זוכה געווען אויסצולעבן זיינע לעצטע יאָרן אין ארץ ישראל, און איז נפטר געוואָרן אַ זקן ושבע ימים באַלד נאָך דער פּראָקלאַמירונג פון מדינת ישראל.

אין צייט פון די רוסישע פּאָגראָמען אין די אַכציקער יאָרן פון לעצטן יאָר־

הונדערט האָבן פיל אידן געפונען אַ מקום מקלט אין הוסיאַטין. די שטאָט איז געוואָרן די ערשטע סטאַנציע אויפן וועג קיין ארץ ישראל. הוסיאַטין האָט געהאַט די זכיה צו זען די גרינדער פון דער חובבי־ציון־באַוועגונג און איז געוואָרן אַ פאַרבינדונג־צענטער פאַרן ציוניזם און השכלה פאַר די אַרומיקע שטעטלעך.

דער אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט איבערגעריסן די אַנטוויקלונג פון דער שטאָט. דער קריג האָט פאַרוואַנדלט די שטאָט אין איין הויפן פון ציגל און שטיינער. אין 1915 האָבן זיך וויניק אידן אומגעקערט אין שטאָט. אַ קורצע צייט שפּעטער האָט דער פעטער פון רוסישן צאַר אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אידישע לומדים זאָלן פאַרטריבן ווערן קיין סיביר. אויך די הוסיאַטינער אידן האָבן מיטגעמאַכט אָט די גזרה.

די מלחמה האָט איבערגעלאָזט די שטאָט אין רואינען. די אָרטיקע ניט־אידן האָבן געקענט זייער גוט די מלאכה פון גזילה און גניבה נאָך פאַר דעניקין, פעטלורא און היטלער. זיי האָבן אַלץ אויסגערייניקט וואָס האָט אַמאָל געהערט צו אידישע איינוואוינער פון שטאָט.

ווען די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט האָבן זיך וויניק אידן אומגעקערט צו בויען אויף די חורבות. עס איז איינגעשטעלט געוואָרן דאָ אַ פאַרבינדונגס־פּונקט מיטן אוקראַינישן החלוץ. פון באר, וויניצע, פּראָסקוראָוו, זינקאָוו א. אַז. וו. זיינען די חלוצים געגאַנגען דורך הוסיאַטין און קאָפּיטשינצע אויפן וועג קיין ארץ־ישראל.

ווי אַלע אַנדערע ישובים אין דער געגנט האָט אויך הוסיאַטין געהאַט אירע פאָלקס־טיפּן און צונעמען.

לויטן צונאָמען וועט איר אָפט דערקענען — דעם לאַנדסמאַנס באַשעפטי־קונג, אָפּשטאַם, אָדער אַנדערע כאַראַקטעריסטישע פיזישע אָדער גייסטיקע אייגנשאַפטן. זייער וויניק ווערן אָנגערופן ביי זייער ריכטיקן פאַמיליע־נאָמען. דאָס זיינען די, וואָס האָבן פאַרבינדונגען מיט אויסלאַנד, אָדער די אָנגעשטעל־טע אין די קאַנצעלאַריעס פון געריכט און פּאָוויאַט. די מערסטע אידן — אויב איר וועט פרעגן פאַר זיי ביים פאַמיליע־נאָמען וועט מען אייך ניט ענטפערן. איר מוזט צוגעבן דעם ביי־נאָמען — וועט איר קאָנען אים געפינען. די צו־נעמען זיינען פאַרשידנאַרטיקע, און זיכער אַ קוואַל פאַר פאָרשונג פאַר די אידישע פאָלקלאָריסטן.

זאָל מען אָנרופן אַ אידן, למשל: אברהם איטשע חאַסקעל זלמן דעם שרייבערס, ברוך בייניש זלמן־שימעס, יוסף משה חיים הערשילס — וועט איר פאַרשטיין, אַז דער יעניקער איז אַ תושב פון דורות. אויב מ׳רופט איינעם ביים ווייבס נאָמען: למשל: חיים נפתלי ביילהס שמחה באַזיעס, אָדער משהניו באַסיעס, איז אַ בולטער סימן, אַז די אידענע גייט אין די הויזן, און דער מאַן איז ל״ע אַ לא יצלח, אָדער אַ צוגעקומענער אין שטעטל און האָט אָנגענומען דעם ווייבס נאָמען.

פאַראַן אויך פאַרקערט, למשל: ביילה הענזילס אָדער ביילה יאַנקלס —

דאָ פאַרשטייט זיך, איז שוין ער דער באַלעבאָס אין הויז. פאַראַן אויך ביי־נעמען לויטן אָרט פון אָפּשטאַם, ווי: לוי אָדעסער, אלי׳ שאַרגאָראָדער, אברהם בארער, פייוויש ביזינעווער, יאָסל טאַרנאָפּאָלער, חיים יואל פראָסקוראָווער א. אַז. וו. אויך פאַראַן צונעמען, וואָס קיינער ווייסט ניט זייער אָפּשטאַם, און זיי זיינען צוגעטשעפּעט געוואָרן בירושה אָדער פון קינדערווייז אָן. אַנדערע ווידער זאָגן וועגן דער באַשעפטיקונג פון זייערע טרעגער: ביילה די גאָסטי־ניטשקע, זלמן שרייבער, משה קוויליטש, וואָלף בולקע, יאַנקל גאָנער, וואָלף קאָטשקע, משה פויק, בעריש טרוביטש, שרה פונעם מעל, יאַנקל טרעגער, מאָטקעלע שיכור, מיטיע די קימפעטאָרין א. אַז. וו.

די שטאָטישע אידן האָבן זיך אויסגעצייכנט ווי גרויסע בעלי אכילה... „הוסיאַטינער פרעסער" איז געווען אַ שם דבר אין דער געגנט. דאָס האָט זיך גענומען פון דער גרויסער שפע פון פרנסה. פאַרשטייט זיך, אַז ס׳האָט ניט געפעלט קיין קבצנים און אביונים. געווען אין שטאָט משכילים און חסידים, לומדים און ל״ע עם־הארצים.

די יאָרן האָט מען דאָ געציילט לויט די גרויסע פּאַסירונגען אין שטאָט. אַזוי פיל יאָרן פון דער כאָליערע עפּידעמיע, כמה וכמה נאָך דער גרויסער שריפה, א. אַז. וו.

איינער פון די אינטערעסאַנטסטע פאָלקס־טיפּן איז געווען אַ רב, אַן איש תמים. מ׳דערציילט וועגן אים, אַז ער האָט קיין צורת מטבע ניט געוואוסט, און קיין מאָל אין גאַס ניט געגאַנגען אויסער אין שול אַריין. האָט אַ מאָל אַ דאָרפס־איד איינגעלאַדן דעם רב צו זיין אַ סנדק אויף זיין אייניקלס ברית. דער רב האָט מסכים געווען, איז אַרויסגעפאָרן מיט איד אין וועג אַריין. צוויי שעה האָט געדויערט די רייזע. דער דרויסן איז געווען אַ פראָסטיקער, אַ שניי־איקער, און דער שליטן האָט זיך געגליטשט לאַנגזאַם איבערן צעקלאַפּטן שאָסיי. פרעגט דער רב דעם דאָרפס־איד:

— זאָגט מיר, כ׳בעט אייך, די פעלדער און וועלדער וואָס מיר פאָרן דורך געהערן נאָך אַלץ צום קייסער?

ענטפערט אים דער איד:

— יאָ, רבי, נישט נאָר דאָס, נאָר אַ סך ווייטער און ווייטער...

— פלא פלאים — זאָגט דער רב — אַ גרויסער מלך אונדזער קייסער, אַ שטאַרקער און רייכער!

ווען דער אַלטער צדיק האָט זיך באַזעצט אין שטאָט האָבן זיך באַזעצט אַ צאָל חסידים, ווען מ׳האָט גערופן יושבים. מאַכט זיך איינער פון די יושבים איז געשטאָרבן. ווי דער שטייגער איז געווען, האָט דער שמש פון דער חברה קדישא אויסגערופן: „מת מצוה"... פרעגט אַ אידענע ביים שמש: ווער איז געשטאָרבן? ענטפערט ער: אַ יושב. די אידענע האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס מיינט (ווייל אין יענע צייטן איז חסידיזם און חסידישע מנהגים נאָך נישט געווען פּאָפּולער), און געבעטן אַן אויפקלערונג... „דאָס איז אַ בריאה,

וואָס פלוסקעט זיך אין מקווה און פרעסט יושקע", האָט איר דער שמש ווייטער אויפגעקלערט.

משה פויק, אַ טאַטע פון זיבן קינדער (צווישן זיי איינער, וואָס איז אַרויס לתרבות רעה לויט די באַגריפן פון יענער צייט: ער האָט זיך אָפּגעשוירן די פּיאות), האָט געהאַלטן ביים שטאַרבן, האָט ער אַריינגערופן זלמן שרייבער און אים געבעטן צו פאַרצייכענען זיין צוואה אין דער אָנוועזנהייט פון עטלעכע שכנים־עדות.

הייבט ער אָן אַזוי... קיין פאַרמעגן האָב איך ניט, מיין אייגנס גאָרניט. אָבער איך וואוין אין אַ גאַס פון שיינע, רייכע הייזער. לאָז איך איבער דאָס הויז פון משה יאָסל — צו מיין זון ראובן דעם בכור, משה מרדכיס הויז — פאַר מיין צווייטן זון, א. אַז. וו. א. אַז. וו. רעכנט ער אויס די הייזער און די זין, ביז ער איז צוגעקומען צום הויז פון איינעם פון די עדות. דערהערט זיין נאָמען שפּרינגט דער שכן אויף מיט אַ גוואַלד און שרייט: משהניו טאַטעניו, רחמים איך בעט דיך... מיין הויז גיסטו אַוועק צו דיין אינגסטן זון דעם רשע — ער וועט דאָך מיך אַרויסוואַרפן מיט די בעבעכעס פון הויז, און איך האָב דאָך אַ ווייב מיט קינדער... רחמים!!!

איידעלע — אַ אידענע אַ שלאַק, האָט שוין דעם פערטן מאַן. דעם ערשטן האָט זי אָפּגעגט, דער צווייטער און דריטער זיינען געשטאָרבן, און דער פערטער פאַרלאַנגט פון איר אַ גט. ענטפערט איידעלע מיט אַ קרעכץ... זי וועט מסכים זיין צו שיידן זיך פון אים אונטער איין באַדינג: אַז ער זאָל זי צוריק איבערלאָזן, ווי זי איז געווען... (זי איז געווען אַן אַלמנה ווען ער האָט מיט איר חתונה געהאַט)...

נישטאָ מער די אידישע שטאָט הוסיאַטין מיט אירע טיפּן און זכרונות. צוזאַמען מיט די לעצטע אידן, וואָס זיינען אומגעקומען דעם 2טן יולי, 1942, פון די רוצחישע, נאַצישע הענט, איז אומגעקומען אַן אַלטע אידישע קהילה.

איבערגעזעצט פון העברעאיש: צ. הערשקאָוויטש
תל־אביב, ישראל.

# „הוסיאַטינער פּאַדאָליער פרענדשיפ סוירקל״

(אַ קורצער איבערבליק איבער די טעטיקייטן פונעם „סוירקל״ אין משך
פון זיין 18־יאָריקער עקזיסטענץ)

פון דאָראַ בראַנדט, פּרעזידענט (ניו־יאָרק)



אין די אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָר־הונדערט — בעת אַ גרויסן אידישן אימיגראַציע־שטראָם, פון מזרח־און מערב־אייראָפּע קיין אַמעריקע — זיינען אָנגעהויבן אויפקומען לאַנדסמאַנשאַפטן.

די אידישע אימיגראַנטן, וועלכע האָבן אי־בערגעלאָזט זייערע פאַמיליעס אין די קליינע שטעטלעך, מעבר לים, האָבן זיך אינעם גרויסן ניו־יאָרק געפילט עלנט און איינזאַם; ס׳האָט זיך געבענקט נאָך אַ היימישן מענטשן.

צווישן אַנדערע, איז דעמאָלט צושטאַנד געקומען אַ הוסיאַטינער לאַנדסמאַנשאַפט, וואָס איז נאָך אַ קורצער עקזיסטענץ, זיך צעפאַלן.

אין 1913, איז אַ הוסיאַטינער לאַנדסמאַנשאַפט אויף ס׳ניי געשאַפן גע־וואָרן; זי האָט עקזיסטירט כמעט אַ יאָר און האָט זיך אויפגעלייזט.

די הוסיאַטינער האָבן זיך געטוליעט צו פאַרשידענע לאַנדסמאַנשאַפטן פון די נאָענטע שטעטלעך.

ערשט אין פעברואַר, 1950, איז זיך צוזאַמענגעקומען אַ גרופּע פון אַכט פרויען — אין דעם הויז פון אונדזער לאַנדספרוי, מאַניע אַלעקסאַנדער, ע״ה, ביי וועלכער ס׳איז אויסגעדריקט געוואָרן דער געדאַנק, אַז מ׳זאָל שאַפן אַ הוסיאַטינער פרויען אָקזילערי.

אין דער איניציאַטיוו־גרופּע זיינען אַריין:

דאָראַ בראַנדט, איידא הורוויץ, יעטאַ גראָסמאַן, אויך יעטאַס מאַן, בצלאל, ע״ה; מאַניע אַלעקסאַנדער, סאָפיע רעזניק, גראַניצקי, ע״ה, מערי גודמאַן און עווא רובינשטיין.

צווישן די אָנוועזנדע איז צונויפגעזאַמלט געוואָרן אַביסל געלט.

עוואַ רובינשטיין איז באַשטימט געוואָרן אַלס סעקרעטאַר; סאָפי רעזניק — אַלס קאַסירערין.

אַ פאַרזאַמלונג פון הוסיאַטינער־געבוירענע איז פאַררופן געוואָרן אין ראַפּאַפּאָרטס רעסטאָראַן (ניו־יאָרק) צו וועלכער עס זיינען געקומען אַרום הונדערט מענטשן.

ביים מיטינג איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיטעט, באַשטייענד פון די פאָלגענדע מיטגלידער:

דאָראַ בראַנדט, פּרעזידענטין; יונה גודמאַן, וויצע־פּרעזידענט; בצלאל גראָסמאַן, ז״ל, קאַסירער; נח רעזניק, ז״ל, פינאַנץ־סעקרעטאַר; עלי דובראָוו, ז״ל, רעקאָרדינג־סעקרעטאַר; איידא רובינשטיין, קאָרעספּאָנדענץ־סעקרעטאַר.

ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די ניי־געשאַפענע אָרגאַניזאַציע זאָל טראָגן דעם נאָמען „הוסיאַטינער־פּאָדאָליער פרענדשיפּ סירקל".

אויך איז באַשטימט געוואָרן די סומע פון דריי דאָלאַר אַ יאָר, ווי מיטגליד־אָפּצאָל, צו דעקן לויפנדיקע הוצאות.

ס'איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ קאָנסטיטוציע.

***

✶ איניקע פריינט, אין אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט־קרייז האָבן געקויפט, פאַר זיך, אַ בית־עולם, כדי זיך צו פאַרזאָרגן מיט אַ קבר, צווישן אייגענע מענטשן. יעדער לאַנדסמאַן — צי אַ מיטגליד, צי ניט — האָט די מעגלעכקייט, צו קויפן אַ פּלאַץ אויפן אָנגעגעבענעם בית־עולם.

***

✶ נאָך דער היטלער־עפּאָכע — בעת וועלכער אידישע קהילות, אין פאַרשידענע לענדער, זיינען פאַרניכטעט געוואָרן — זיינען געבליבן פיל אידישע יתומים, טייל אין גויאישע הענט. האָבן מיר באַלד איינגעצאָלט אַ באַדייטנדיקע סומע געלט און אַדאָפּטירט דריי קינדער, וואָס האָבן זיך געהאַט געפינען אין פּאַריז. מיר האָבן זיי געשיקט מתנות און אָנגעהאַלטן אַ פאַרבינדונג מיט זיי ביז זייער עולה־זיין קיין ישראל.

***

✶ צו אַ פאַך־שול אין ירושלים — וואו יתומים לערנען זיך אַ מלאכה, כדי זיך עווענטועל קענען מפרנס זיין — האָבן מיר געשיקט אַ מאַשין, אין וועלכער די דאָזיקע לערן־אינסטיטוציע האָט זיך גענייטיקט.

***

✶ מיר האָבן אויך בייגעשטייערט אַ באַדייטנדיקע סומע געלט צו צוויי שפּיטאָלן פאַר אומהיילבאַרע — אין ברוקלין און אין די בראָנקס, ניו־יאָרק נ.י.

***

✶ יעדן יאָר מאַכן מיר מעות־חיטים־בייששטייערונגען; אויך שיקן מיר — דורך „קעיר" — שפּייז־פּעקלעך, א. אַ. צו באַדערפטיקע אידן אין ישראל.

***

✶מיר האָבן געקויפט ישראל־באָנדס פאַר 1,500 דאָלאַר, וואָס זיינען איבערגעשיקט געוואָרן אַלס מתנה צו דער ישראל־רעגירונג.

***

✶ צווישן די יאָרן 1955 — 1957, האָבן מיר געשיקט קיין ישראל — דורכן „רויטן מגן דוד" — דריי אַמבולאַנסן, אין וועלכע די אידישע מדינה האָט זיך, אין דער דעמאָלטיקער שווערער צייט, זייער שטאַרק געניייטיקט.

***

✶ דורכן „פאַראייניקטן אידישן אַפיל", האָט אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט אויפגעבויט אַ קינדער־גאָרטן אין „נחלה", ניט ווייט פון באר שבע, ישראל. דאָרט האָט זיך געהאַט קאָנצענטרירט אַ גרויסע צאָל אָנגעקומענע אידן פון די אַפריקאַנער און אַראַבישע לענדער; אויך אידן פון תימן און מאַראָקאָ האָבן דאָרט אַנטוויקלט, מיט שווערער מי, דעם דאָזיקן היסטאָרישן נגב־געגנט.

כדי זיי צו געבן אַ מעגלעכקייט צו דערפילן זייערע אַקטועלע אויפגאַבן, האָבן מיר — ווי אַ הילף — אויפגעבויט אַ הויז, דורך דעם יונייטעד דזשואיש אַפיל פאַר זייערע קינדער — אין באר שבע — פאַר זייער אויפפאַסונג און מאָלצייטן־באַזאָרג, בעת זייערע עלטערן זיינען פאַרנומען אויף די פעלדער. פאַר דעם צוועק האָבן מיר אַסיגנירט פיר טויזנט דאָלאַר.

✶ איצט ווערט געבויט — אין תל־אביב, ישראל — אַ „בית התפוצות", פאַר וועלכן מיר האָבן באַשטימט פינף טויזנט דאָלאַר.

***

לאָמיר דאָ דערמאָנען די אַקטיווע געזעלשאַפטלעכע, חשובע מיטגלידער, וואָס זיינען אַוועקגעריסן געוואָרן פון אונדזערע רייען:

בצלאל גראָסמאַן, ז"ל; ווילי שניאַר, ז"ל; משהלע לאַנצעטער, ע"ה מאַניאַ אַלעקסאַנדער, ע"ה; רחל שעגרין, ע"ה; מיני גראַניצקי, ע"ה.

דאָ ניט לאַנג איז פון אונדז אַוועקגעריסן געוואָרן אונדזער סעקרעטאַר, נח רעזניק, ע"ה, אַ געטרייער, איבערגעגעבענער פריינט פון אַלע מיטגלידער, פול מיט ענערגיע און טרייב־קראַפט, לטובת אונדזער „סוירקל" און באַזונדערס פאַרן אויפבוי פון ישראל.

לעצטנס, איז אויך געשטאָרבן מאַקס וואַסערמאַן, ז"ל, און יונה גודמאַן, ז"ל, (וויס־פרעזידענט פון אונדזער סוירקל).

ת.נ.צ.ב.ה. ושלום לעפרם.

***

לאָמיר האָפן, אַז אונדזער קליינע — אָבער פּרוקטבאַרע — אָרגאַניזאַציע וועט אויך ווייטער פאָרזעצן איר אַרבעט פאַר נויטבאַדערפטיקע, ווי פאַר ישראל אינעם זעלביקן וואַרעמען ברידערלעכן גייסט ווי ביז איצט.

# וואָס איך געדענק

פון דאָראַ בראַנדט (ניו־יאָרק)

כ׳בין געבוירן געוואָרן אין הוסיאַטין, ביים טייך זברוטש — אַ קליין שטעטל ביי דער עסטרייכישער גרענעץ.

ס׳רוב אידן האָבן געלעבט פון אַרויספירן און אַריינפירן סחורות אינעם שטעטל.

אין יענע יאָרן, האָט מען ניט אָנגערופן וועמען ס׳איז לויט זיין משפחה, נאָר יעדער אויפן טאַטנס נאָמען, אָדער ביים צונאָמען, וואָס ס׳שטעטל האָט אים געגעבן.

מיין פאָטערס נאָמען איז געווען דוד שמואל חזקילס. מיין מוטער איז געבוירן געוואָרן אין מינקאָוויץ. גערופן האָט מען זי ראָחצי, דוד שמואלס. געהייסן האָט זי באמת רחל־לאה. מיך האָט מען גערופן דובצי, דוד שמואלס.

געוואוינט האָבן מיר פיל יאָרן אין הויז פון אַרצי וואַליכאָוועצערן (נאָכן נאָענטן דאָרף וואַליכאָוועץ), וואָס איז שפּעטער געוואָרן מיין שווער. דאָרט זיינען פאַרלאָפן מיינע קינדער־יאָרן; דאָרט האָב איך געוועבט מיינע מיידלשע חלומות — ביזן יאָר 1914, ווען ס׳איז געטויט געוואָרן דער עסטרייכישער קרוינפּרינץ פערדינאַנד און ס׳האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה.

כ׳בין שוין דעמאָלט געווען פאַרהייראַט און האָב שוין געהאַט אַ זון, חזקיל (טשאַרלי).

די צאַרישע רעגירונג האָט געהאַט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע אידן פון די גרענעץ־שטעטלעך זאָלן פאַרלאָזן זייערע היימען און זיך באַזעצן צום ווינציקסטנס צען מייל פון גרענעץ.

מיר האָבן גענומען וואַנדערן קיין פּראָמפּעל, מינקאָוויץ און פּראָסקוראָוו, ביז מיר זיינען אָנגעקומען קיין פּאָוואָלאָוואַ, אַ שטאָט אין ניזשנע־גראָדסקער גו־בערניע. מיר האָבן זיך געמוטשעט, מיר זיינען דורכגעגאַנגען אַלע גיהנומס, ביזן אויסברוך פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

אין יאָר 1918, האָט אונדזער דאָרטיקע משפחה — איך, מיין מאַן שמואל און אונדזערע צוויי קינדער חזקיל (טשאַרלי) און בעטי — זיך צוריקגעקערט קיין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק, צו מיינע עלטערן; אויך מיין שוועסטער סאָניאַ; און מיין ברודער הערשל.

קאמענעץ־פּאָדאָלסק האָט זיך דעמאָלט געפונען אונטער דער ממשלה פון די באָלשעוויקעס.

אין יענער צייט האָבן אָנגעהויבן בושעווען די פּעטלורא־באַנדעס.

ניט דאָ איז דאָס אָרט צו שילדערן, וואָס די אידן האָבן דעמאָלט איבער־געלעבט. אָבער איין עפּיזאָד האָט זיך טיף איינגעקריצט אין מיין זכרון:

געווען איז עס צווישן ראש השנה און יום כיפּור אין די עשרת ימי תשובה. אידן זיינען אַרומגעגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, פאַרדאגהט, פאַרצערט. עס זיינען אונדז אָנגעקומען שרעקלעכע ידיעות, וועגן דעם וואָס די פּעטלוראָוו־צעס האָבן אָפּגעטאָן אין די שטעטלעך. יעדע מינוט האָט מען איינס ס׳אַנדערע, אין קאַמענעץ געפרעגט: ווי ווייט זיינען די פּעטלורא־באַנדעס פון קאַמענעץ־פּאָדאָלסק?

יום כיפּור איז אָנגעקומען. אידן האָבן זיך פאַרזאַמלט אין די שולן און בתי מדרשים, אויסצוגיסן זייערע ביטערע הערצער פאַרן רבונו של עולם. פיל אידן זיינען די גאַנצע יום־כיפּור נאַכט ניט געשלאָפן און האָבן געזאָגט תהילים; מ׳האָט געוויינט. אין דער פרי, איז אַ גרויסער טייל אידן — איינגעוויקלט אין קיטל און טלית — געשטאַנען און געדאַוונט. די ברענענדיקע ליכט האָבן אָנ־געוואָרפן אַ מרה שחורה. ס׳האָט געמוטשעט דער געדאַנק: „מי יחיה ומי ימות?״

ווי אַ דונער פון הימל האָט אונדז דערגרייכט די שרעקלעכע ידיעה: די פּעטלוראָוועצעס פון דער אורינינער גרענעץ זיינען אויפן וועג נאָענט קיין קאַמענעץ.

אַ טויט־שטילקייט האָט אַרומגעכאַפּט אַלעמען אין שול. נאָך דעם האָט זיך דערהערט די צעבראָכענע, טרויעריקע שטימע פון רב:

„אידן, לאָמיר זיך אַלע צענויפנעמען, מיט אונדזערע פאַמיליעס — ווייבער און קינדער, אַלט און יונג — און אָנגעטאָן אין טלית און קיטל, מיט אַ ספר תורה אין די הענט, וועלן מיר גיין מקבל פּנים זיין דעם שונא. און אויב, חלילה, ס׳איז אונדז באַשערט צו שטאַרבן, איז זאָלן מיר דעמאָלט זיך מוסר נפש זיין און שטאַרבן על קדוש השם״.

די אידן האָבן באַגעגנט די רייטנדיקע פּעטלוראָוועצעס, וואָס זיינען געוואָרן איבערראַשט און זיינען אַרונטערגעשפּרונגען פון די פערד. ווען דער רב האָט דערקלערט דעם עלטסטן צווישן די פּעטלוראָוועצעס, אַז די אידן זיינען געקומען זיינע באַנדעס מקבל פּנים זיין, האָט דער עלטסטער געגעבן אַ באַפעל, אַז מען זאָל קיינעם ניט אָנרירן.

אַלע אידן האָבן זיך אומגעקערט אין שול אַריין, צו דאַנקען גאָט פאַרן נס, וואָס ס׳איז מיט זיי געשען.

מיר האָבן איבערגעלעבט די פּאָגראָמען און זיינען אָנגעקומען בשלום אין דער פרייער אַמעריקע, וואו מיר האָבן פאָרגעזעצט אונדזער צוקונפטיקן לעבן.

# די בריק

## פון יאַנקל גאַלאַנטער (פילאַדעלפיע, פענסילוואַניאַ)



לעצטנס האָט אַ יוגאָסלאַווישער שרייבער פאַרפאַסט אַ היסטאָרישע דערציילונג וועגן אַ שטעטל נעבן דער גרויסער בריק דרינא. אין מיין שטעטל איז אויך געווען אַ בריק; ניט קיין גרויסע, אָבער אַ וויכטיקע. דאָס, וואָס איך גיב דאָ איבער, האָט אַ טיילווייזע פאַרבינדונג מיט דער בריק.

זייט 1910, ווען כ׳האָב פאַרלאָזן מיין געבורט־פּלאַץ, איז שוין פאַריבער מער ווי אַ האַלבער יאָרהונדערט. נאַטירלעך, אַז אַ סך זאַל פאַרגעסן ווערן; אָבער געציילטע דעראינערונגען זיינען פאַרבליבן אין מיין זכרון, וואָס כ׳וועל פּרובירן אָפּצופרישן: צווישן זיי — מיינע אייגענע יוגנט־זכרונות, זיי איינשליסן אינעם וויכטיקן בוך, וואָס דער הוסיאַטינער־פּאָדאָליער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן.

כ׳וועל זיך אָפּשטעלן דערויף, וואָס מיר זיינען געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין צוויי הוסיאַטינס. אַליין זיינען מיר געווען רוסיש־אוקראַינישע, אָפּגעטיילט פון דעם צווייטן הוסיאַטין (אַזוי האָט זיך עס גערופן אין גאַליציע־עסטרייך, אונטער דער הערשאַפט פון האַפּסבורגער קייסער, פראַנץ יאָזעף). געפונען האָט זיך עס ביים טייך זברוטש, וואו אַ בריק האָט ביידע הוסיאַטינס פאַראייניקט. אויף ביידע זייטן גרענעץ האָבן רעגירונגס־באַאַמטע אויפגעפּאַסט, אַז אַלץ זאָל זיין אין אָרדענונג.

סוחרים, ווי אויך אַנדערע — געבוירענע פון ביידע זייטן — האָבן באַקומען פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג דערלויבעניש־צעטלען, אַריבערצוגיין די גרענעץ יעדן טאָג, פון 8 אין דער פרי ביז 6 אָוונט, חוץ זונטאָג אָדער קריסט־לעכע ימים טובים, ווען די בריק איז געווען געשלאָסן ביז נאָכמיטאָג.

די בריק, ניט גרויס אין שטח, איז אָבער געווען וויכטיק אינעם לעבן פון אונדזער שטעטל. ווען אַ ייד האָט באַגעגנט אין גאַס אַ צווייטן, איז דאָס געשפּרעך תמיד געווען: „כ׳גיי אַריבער אויף יענער זייט״, אָדער „כ׳האָב זיך

נאָר וואָס צוריקגעקערט". אויך געדענק איך אַז יעדן טאָג, אַ גאַנץ יאָר, פלעגט מען אַריבערפירן וואָגנס מיט אייער; סוף זומער אַחוץ אייער, אַלערליי תבואות (קאָרן, ווייץ, בוראַקעס, א.אַז.וו.) וואָס זיינען עקספּאָרטירט געוואָרן קיין עסט־רייך, דייטשלאַנד און אַפילו איי ווייטע רוסישע גובערניעס; וואָרעם די וועגן, ווי אויך די באַנען, זיינען געווען מאָדערנע, און ס'איז געווען גרינגער, און שנעלער, צו שיקן דעם אַלעם אויף אָט דעם אופן, ווי דורך די צעבראָכענע וועגן אין רוסישער אוקראַינע.

אונדזער הויז איז געשטאַנען אויף אַ בערגל. אויף דער נאַכט, ווען אין דרויסן איז שוין געווען פינצטער, האָבן מיר געזען באַלויכטונג אויף יענער זייט, ד. ה. די צווייטע זייט הוסיאַטין. אין די הייליקע טעג, ווען מיר זיינען שוין אַהיימגעקומען פון דער קלויז, האָבן מיר נאָך געהערט ס'דאַוונען פון דעם רבינס שול. צו תשליך האָבן מיר געזען די גאַליציאַנער אידן — טאַקע אויף דער צווייטער זייט.

צו זען דעם הוסיאַטינער רבינס הויף, איז תמיד געווען איינער פון אונ־דזערע קינדערשע גרעסטע השגות, וואָרעם די חסידים וואָס פלעגן אָפּט פאָרן צום רבין, האָבן אַהיימקומענדיק, גוואַלדיק באַוואונדערט די שיינקייט און רייכקייט פונעם רבינס הויף.

איין מאָל, שבועות, האָט מיין פאָטער, ע"ה, גענומען מיך מיט מיין עלטערן ברודער צום רבינס טיש, וואָס ער האָט געפּראַוועט פאַר זיינע צו־נויפגעפאָרענע חסידים. דאָס איז געווען ס'ערשטע מאָל, וואָס מיר האָבן זיך באַטייליקט מיט אַזאַ גרויסער צאָל אידן, וואָס זיינען זיך צונויפגעפאָרן פון אַלע טיילן גאַליציע, אויבער־עסטרייך און אַפילו ווין. אַנוועזנד זיינען אויך געווען אוקראַינישע אידן, וואָס זיינען געקומען פון שטעט און שטעטלעך אַרום דער גרענעץ — אַזוי ווייט ווי פון קיעוו, אָדעס, כאַרקאָוו און אַנדערע גרויסע צענטערס, וואו די אידן האָבן געוואוינט אין געטאָס. זייער גאַנץ לעבן אונ־טערדריקט, האָבן זיי תמיד געהאַט מורא פאַר פאַרשידענע גזירות און פּאָג־ראָמען. דאָ, ביי דעם רבינס טיש איז געווען פריילעך, לעבעדיק; מ'האָט אויף אַ ווייל פאַרגעסן די צרות. די חסידים האָבן אַרומגערינגלט דעם רבינס טיש און מיט גרויס פרייד און בטחון געשלונגען יעדעס וואָרט, וואָס איז אַרויסגע־זאָגט געוואָרן דורכן הייליקן צדיק, אין וועמען די בני יעקב האָבן געפונען אַ טרייסט, מיסטישן גלויבן און דערהויבנקייט.

אויף אונדז, קינדער, האָט עס געמאַכט אַ רושמדיקן איינדרוק, אויפן גאַנצן לעבן. מיר זיינען געווען צוגעוואוינט צו גיין מיטן טאַטן דאַוונען אין שול, וואו אַלץ האָט זיך אויסגעדריקט מיט בעטן גאָט; וואָרעם מיר זיינען געווען אַרומגערינגלט מיט שונאים, אָנגעפילט מיט אַ מורא און שטענדיקער פאַר־זאָרגטקייט — אָבער מיט דער האָפענונג, פאַר אַ בעסערן מאָרגן.

יאָ, איין מאָל אין יאָר, שמחת תורה, האָבן מיר זיך געפרייט דערמיט, וואָס משה רבנו האָט מיט עטלעכע טויזנט יאָר צוריק אונדז געהאַט געגעבן די הייליקע תורה מיט די צען געבאָט, וואָס ווייזן אָן, ווי אַזוי מ'זאָל זיין

אָפּגעהיט פון שלעכטס טאָן דעם צווייטן, ליב האָבן דעם צווייטן, טאָן גוטס און זיין די טרעגער פון יושר.

פּאַרוואָס, אייגנטלעך, האָט דער אויבערשטער פאַרלאַנגט פון משהן אַז אידן זאָלן זיין די אויסדערוויילטע, איז שווער צו פאַרשטיין. ריכטיק זאָגט דאָס פאָלק, אַז תורה איז די בעסטע סחורה. דעריבער האָבן אונדזערע עלטערן אונדז געלערנט אַלע אידישע געבאָטן, פאַרפלאַנצט אין אונדז וויסן, לויט די פינאַנציעלע מעגלעכקייטן, וואָס זאָל אין די שפּעטערדיקע יאָרן גרינגער מאַכן ס׳לעבן: לימודים פון עטישן און רעליגיעזן כאַראַקטער. איך, און מיין ברודער מיכל — ווי אויך מיינע חברים — האָבן געלערנט ביי די שטעטלדיקע מלמדים.

זיצנדיק אין חדר דעם גאַנצן טאָג, האָבן מיר — דורכן פייף פון דער באַן, ווען זי איז אָנגעקומען צו דער סטאַנציע אויף יענער זייט הוסיאַטין — גע־וואוסט, אַז ס׳איז צוועלף אַזייגער, צייט אַהיימצוגיין עסן אָנבייסן; דריי אַ זייגער, וואַרעמס; זעקס פריי פון דער אַרבעט. אַזוי איז די באַן אויך געווען אַ טייל פון אונדזער טעגלעכן לעבן.

אונדזער חדר איז שוין געווען אַ מאָדערנער; דער לערער — שמואל קיטייניק, וועמען עטלעכע בעלי בתים (איינשליסנדיק מיין פאָטער, ע״ה) האָבן געהאַט אַראָפּגעבראַכט פון פּראָסקוראָוו. מיר זיינען געווען בלויז 10 תלמידים. דאָס צימער איז געווען גרויס; אַ סך ליידיק פּלאַץ אַרום הויז, וואו מיר פלעגן זיך שפּילן. געזעסן זיינען מיר אויף צוויי „סקאַמייקעס״, צו פינף קינדער אויף יעדער, ווי אין דער שטאָטישער שול. מיר האָבן געלערנט תנ״ך, דיקדוק, גע־זאַנג, אידישע געשיכטע; אויך זיינען מיר געגאַנגען שפּאַצירן, אַרום דעם שטעטל, וואו ס׳האָבן זיך געפונען שיינע פעלדער און גערטנער. ס׳זיינען איינ־געאָרדנט געוואָרן שפּילן פאַר אונדז.

פיל יאָרן שפּעטער, האָב איך דעם לערער באַגעגנט אין פילאַדעלפיע, פּענסילוועניא, וואו ער האָט דערפאָלגרייך אָנגעפירט מיט אַ נאָכמיטאָגדיקער העברעאישער שול. נאָך דעם ווי דער לערער האָט זיך צוריקגעקערט קיין פּראָסקוראָוו, האָט גרשון מלמד איבערגענומען דאָס לערנען מיט אַ טייל פון דער גרופּע קינדער. אַ גרויסער בעל דקדוק, אָבער פונעם אַלטן טיפּ מלמדים. שפּעטער האָבן מיר געלערנט ביי פּריוואַטע לערער, העברעאיש, רוסיש, פּויליש און דייטש. אַזוי איז די צייט פאַרלאָפן ביז די עלטערן האָבן אָנגע־הויבן צו טראַכטן וועגן אַ תכלית פאַר אונדז.

זיידע זעליג ע״ה האָט געהאַט אַ שוועסטער אין אַמעריקע, וואָס איז שוין געווען איינגעאָרדנט זייט פיל יאָרן. איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז איך מיט מיין אינגערער שוועסטער, הענצי, זאָלן פאָרן קיין פילאַדעלפיע, דאָרט צו בויען אונדזער צוקונפט.

קומענדיק אַהין, האָבן מיר געפונען אונדזער מומען, צוזאַמען מיט איר זון, באַזעצט אין אַ אידישער געגנט. זיי זיינען געווען שיפס־קאַרטע אַגענטן און האָבן אויך אויסגעביטן געלט, אויף שיקן אַהיים. מיט דער צייט האָט זיך דאָס געשעפטל אויסגעברייטערט און איז געוואָרן אַ באַנק, וואו איך האָב אָפּ־

געאַרבעט צוויי־צענדליק יאָר, ביזן קריזיס. נאָך דעם איז אָט די באַנק אין איינעם מיט אַ גרויסע צאָל אַנדערע, אונטערגעגאַנגען.

דעמאָלט האָב איך באַקומען אַ שטעלע אַלס איבערזעצער אין אַמעריקעס גרעסטער „סייווינגס באַנק", וואו איך האָב אָפּגעאַרבעט איבער דרייסיק יאָר, ביז מיין צוריקצי.

דאָס יאָר 1910, ווען מיר זיינען אָנגעקומען קיין אַמעריקע, איז געווען די צייט פון דער גרעסטער אימיגראַציע פון רוסלאַנד. די אידישע גאַס איז פול געווען מיט „איזמס"; מיר זיינען גאַנץ שנעל אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער ליבעראַלער באַוועגונג. מיין שוועסטער איז געווען אַקטיוו אין דער „ליידיס ווייסט מייקערס יוניאָן", וואָס מ'האָט דעמאָלט געהאַלטן אין אָרגאַניזירן. כ'בין געוואָרן אַ מיטגליד פון דער סאָציאַליסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, „יאָנג פיפּלס סאָשיאַליסט ליג" („איפּסל"). מ'האָט זיך פאַרנומען מיט זעלבסטבילדונג (לעקציעס, קלאַסן אין פּאָליטישער וויסנשאַפט, הילף אין פּאָלטישע קאַמפּיינס, א. ד. גל.).

נאָך דעם האָב איך זיך אָנגעשלאָסן אין אַרבעטער־רינג, וואו איך בין אַקטיוו אין דער אידישער שול־באַוועגונג.

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָב איך געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי. דעמאָלט איז אונדזער פאַמיליע, דאָ אין אַמעריקע, באַשטאַנען פון איי־נער פון מיינע שוועסטער, וואָס איז, אין 1910 געקומען צוזאַמען מיט מיר. אין 1918, ווען עס האָט געבושעוועט די גרויסע „פלו"־עפּידעמיע איז מיין שוועסטער געשטאָרבן.

דורך דער גאַנצער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן מיר פון די עלטערן גאָרניט געהערט, ביז נאָכן סוף פון קריג, ווען מיר האָבן ערשט אויסגעפונען, וואָסערע צרות אונדזער שטעטל, וואָס האָט זיך געפונען אויפן גרענעץ האָט געהאַט דורכגעמאַכט. די לאַנדסלייט האָבן זיך אָרגאַניזירט צו שיקן הילף, כדי זיך אויף ס'ניי קענען שטעלן אויף די פיס.

צוועלף יאָר נאָך דער מלחמה, האָב איך אַריבערגעבראַכט מיינע עלטערן און שוועסטער; מיר האָבן זיך איינגעאָרדנט. מיין ברודער מעכיל איז שוין געווען פאַרהייראַט; ער האָט אַ זייער געראָטענעם זון, אַ פּראָפעסאָר אין וואַ־שינגטאָנער אוניווערסיטעט.

אין 1927, האָב איך געהייראַט מיט מערי לינעט וואָס איז געקומען פון פּערעיאַסלאוו (שלום־עליכמס שטעטל). מיר האָבן אַ זון, אַ פּראָפעסאָר אין שיקאָגאָ־אוניווערסיטעט. אין 1961, האָבן מיר געמאַכט אַ לוסט־רייזע קיין ישראל, וואו מיר זיינען איינגעשטאַנען ביי אונדזער קאָזין, שושנה (ראָזע ראָזענבלאַט, פון דער היים) און איר מאַן, אפרים ראַן, מיט זייערע קינדער, אין חיפה. זיי זיינען שוין דאָרט פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה.

זייענדיק אין תל־אביב, זיינען אונדזערע לאַנדסלייט זיך צונויפגעקומען אין אַן אָונט ביי פּאָליע אַווערבוך (איצט קאָהן) אין הויז. ס'איז געווען איינ־גענעם צו זיין מיט אייגענע, האָבנדיק נאָך אַזוי פיל יאָרן זיך ניט געזען. די

אַנוועזנדע זיינען געווען: אברהמקע פרידמאַן, מיט זיין פרוי שבע; מרים ליבע בלינדער, מר. שוואַרץ (לייב סטאָליערס זון); מענדל קאַפּלאַן, וואָס איז, ביז זיין צוריקצי, יענעם יאָר, געווען פּרינציפּאַל פון שולן אין תל־אביב און אומגעגנט. ביז שפּעט אין דער נאַכט האָבן מיר אָפּגעפרישט די דעראינערונגען פון אונדזער שטעטל.

פון דאָרט זיינען מיר אָפּגעפאָרן קיין ירושלים, וואו ס׳איז יענעם יאָר געפייערט געוואָרן ישראלס בר מצווה, יום העצמאות. ס׳איז געווען פריילעך, מ׳האָט געטאַנצט אין די גאַסן אַ גאַנצע נאַכט, וואָס מ׳האָט דערלעבט, אַז ישראל איז צוריק אונדזער אייגן לאַנד געוואָרן. מיר האָבן אויך באַזוכט אַ סך קיבוצים. אין קיבוץ יגור, לעבן חיפה, האָבן מיר זיך באַגעגנט מיט שלום פרידמאַן (שמחה פרידמאַנס אַ זון), וואָס איז דער פאַרוואַלטער פון קיבוץ.

אונדזערע לאַנדסלייט זיינען גוט פאַרטראָטן אין ישראל.

וואָס מדינת ישראל האָט אויפגעטאָן אין דער קורצער צייט פון איר עקזיסטענץ, איז צו באַוואונדערן. דאָרט ווערט מקוים די נבואה פון דעם נביא יחזקאל (קאַפּיטל י״ב, 12): „כה אמר אדני ה׳ הנה אני פותח את קברותיכם והעליתי אתכם מקברותיכם עמי, והבאתי אתכם אל אדמת ישראל״ („אַזוי האָט געזאָגט דער גאָט דער האַר: זע, איך עפן אייערע קברים, און וועל אייך, מיין פאָלק, אַרויסנעמען פון אייערע קברים, און אייך ברענגען אויף דער ערד פון ישראל״).

איצט זיינען מיר שויןביידע צוריקגעצויגן. מיר פאַרברענגען אונדזער צייט פאַרגעניגנדיק; ס׳איז דאָ מער צייט צו לערנען, לייענען, אַרומפאָרן איבערן לאַנד און פאַרברענגען מיט אייגענע און פריינט.

כמעט אַ גאַנץ לעבן אָפּגעלעבט ווייט פון דעם קליינעם שטעטל; אָבער תמיד שטייען פאַר מיינע אויגן די גריבע קערניצע, די דריי הויכע בערג, די דאָלינע, די בריק.

ביים שליסן מיין שרייבן די דאָזיקע זכרונות, וויל איך זאָגן דעם קאָמיטעט וואָס האָט אונטערגענומען די וויכטיקע אַרבעט, אַרויסצוגעבן אַ בוך זכרונות פון אונדזער שטעטל:

„תחזקנה ידיכם״!

# קיין נומערן אויף די הייזער...

## פון פרומע לואיס גאַלאַנטער (פילאַדעלפיע, פּענסילווייניא)



אין הוסיאַטין זיינען קיין נומערן ניט געווען; אונדזערע לאַנדסלייט ווייסן אָבער וואו מיר האָבן געוואוינט. אונדזערע שכנים זיינען געווען משפחה: באָבע אסתר; טאַנטע בריינע, דעם טאַטנס שוועסטער. מ'האָט אַלע יאָרן געוואוינט צוזאַמען.

ווען די אידן זיינען, אין יאָר 1915, אַרויסגעטריבן געוואָרן, זיינען מיר געפאָרן קיין זינקאָוו, וואו מיר האָבן געוואוינט ביז 1917. נאָך דעם זיינען מיר אַהיימגעפאָרן; אין דער היים זיינען מיר געווען נאָר אַ פּאָר וואָכן. אין לויף פון דער רעוואָלוציע, זיינען די רוסן אָפּגעטראָטן פון עסטרייך און האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין הוסיאַטין. אין שטעטל איז געוואָרן אַ שטאַרקע צערודערונג. מיר זיינען צוריקגעפאָרן קיין זינקאָוו, וואו מיר האָבן געוואוינט ביז 1919.

צוריקקערנדיק זיך קיין הוסיאַטין, האָבן מיר ס'שטעטל געפונען האַלבחרוב. מ'האָט צורעכט געמאַכט די הייזער, זיך גענומען צו אַ פּרנסה, און עס האָט זיך איינגעשטעלט אַ כמעט ווי נאָרמאַל לעבן, וואָס האָט אָבער לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. די באָלשעוויקעס זיינען אַריינגעקומען, ברענגענדיק אַ גרויסע איבערקערעניש. מיר האָבן באַלד איינגעזען, אַז אויפהאַלטן זיך אונטער זייער רעזשים איז אוממעגלעך, און האָבן אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַוועק.

אונדזער גאַנצע פאַמיליע האָבן פאַרלאָזט הוסיאַטין, אומלעגאַל — ווינטער, 1923; מיר זיינען געפאָרן דורך דער הוסיאַטינער גרענעץ.

ברידער מעכיל און יעקב האָבן אונדז געהאָלפן מיט וויזעס, ווי אויך פינאַנציעל, צו קומען קיין אַמעריקע.

מיר האָבן פאַרלאָרן יעדע פאַרבינדונג מיט אייגענע.

פערזענלעך, האָבן מיר פיזיש ניט געליטן פון די פּאָגראָמען; אין אַלגעמיין, אָבער, האָט מען ביי אונדז געראַבעוועט, ווען דאָס שטעטל האָט געליטן פון די פּעטליוראָווצעס און דעניקינס באַנדעס.

די ערשטע יאָרן אין אַמעריקע זיינען געווען שווערלעך; מ'האָט זיך אָבער צוגעוואוינט צו די אומשטענדן און ס'האָט זיך איינגעשטעלט אַ נאָרמאַל לעבן.

ברודער יעקב האָט געדינט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה; מיין מאַן איז געווען פיר יאָר אין דער צווייטער וועלט־מלחמה.

מיר האָבן געהאָלפן דער מומע ברײנעס קינדער, אין סיביר (וואו זיי זיינען אין לויף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, פאַרשיקט געוואָרן) און מיט וועמען מיר האָבן זיך פאַרבונדן נאָכן צווייטן וועלט־קריג. אין די יאָרן 1941־1945, האָבן מיר זיי געשיקט פעקלעך — אַ באַדייטנדע הילף; אָבער צוליב סטאַלינס בייזע אוקאַזן, זיינען די פאַרבינדונגען איבערגעריסן געוואָרן. פון דעמאָלט אָן ווייסן מיר גאָרניט וועגן זיי.

אין ישראל וואוינט ברײנעס עלטסטע טאָכטער; מיט איר זיינען מיר זייער נאָענט. זי האָט אונדז באַזוכט אין 1960 און איז מיט אונדז געווען צוויי חדשים.

אין אַמעריקע בין איך געוואָרן אַ מילינער. כ'בין אַ מיטגליד פון דער מילינערי אַרבעטער־יוניאָן. אין דער יוגנט בין איך געווען זייער אַקטיוו און האָב אַ סך מיטגעהאָלפן ביים פאַרבעסערן די אָרגאַניזאַציע.

# מיין היים אין הוסיאַטין, פּאָדאָליער גובערניע

פון יונה גודמאַן (ניו־יאָרק)



איך בין יצחק שניידערס זון, און געפין זיך אין אַמעריקע פון יאָר 1913. מיין פּאָטער איז געווען אַ מענער־שניידער, מיר זיינען געווען אין אונדזער פאַמיליע זעקס קינדער, דריי זין און דריי טעכטער.

די גאַנצע פאַמיליע האָט געוואוינט אין צוויי צימערן און אין די צוויי שטובן האָט מיין פּאָטער אויך געפירט די שניידעריי. ער איז געווען אַ קראַנקער מענטש, און אָט אַזוי האָט ער קראַנקערהייט אָנגעפירט מיט דער אַרבעט צו דערנערן זיינע בני־בית, אָבער קיין פרנסה איז פון דעם ניט געוואָרן.

אין 1906 איז מיין עלטערער ברודער אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע און ער פלעגט אַלע מאָל אונדז אַויסהעלפן מיט עטלעכע דאָלאַר. אַ יאָר שפּעטער האָט ער אַריבערגעבראַכט קיין ניו־יאָרק מיין צווייטן ברודער און זיי בײדע צוזאַמען פלעגן שיקן געלט און דאָס האָט פיל געהאָלפן צו דער פרנסה.

אין 1911 איז מיין פּאָטער, יצחק, ע״ה, געשטאָרבן, און איך בין געבליבן דער איינציקער אָנצופירן מיט דער שניידעריי.

אין 1913 זיינען מיין עלטערע שוועסטער כאַנצי, און איך מיט מיין שוואָגער סעם קליין (דער שוועסטערס מאַן), אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע צו זוכן אונדזער מזל. מיר האָבן דאָ געאַרבעט אַ יאָר צייט און געבראַכט מיין מוטער, צוויי שוועסטער, אויך די עלטסטע שוועסטער וואָס איז געקומען צו איר מאַן. דאָס איז געווען אַ יאָר איידער די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכן.

מיר האָבן אַלע געוואוינט אויף דער אידישער איסט־סאַיד.

אין 1919 האָב איך חתונה געהאַט מיט אַ הוסיאַטינער מיידל, וועלכע איז איצט מיין פרוי. זי איז שמעון גערשקאָוויטצס אַ טאָכטער, וועלכע איז אויך געקומען קיין אַמעריקע אין 1913.

איך האַלט, אַז עס איז איבעריק צו דערציילן אַלע איינצלהייטן וועגן די שוועריקייטן, וואָס אַ ניי געקומענער מאַכט דורך אין אַ נייעם לאַנד. דאָס זיינען איבערלעבונגען, וואָס קריצן זיך איין אויף אייביק אין זכרון און זיי זיינען — מיט קליינע ענדערונגען, ענלעך איינער אויפן צווייטן. סוף כל סוף

אָבער זיינען מיר בייגעקומען אַלע שטיינער אין וועג און זיך איינגעאָרדנט מיט לייטן גלייך.

מיר האָבן אויפגעבראַכט אַ פיינע פאַמיליע, וואָס באַשטייט פון צוויי זין, אַ טאָכטער און זיבן אייניקלעך. די גאַנצע משפחה וואוינט אין ניו־יאָרק.

מיר זיינען מיטגלידער פון דעם הוסיאַטינער פרעינדשיפ־סירקל, מיין פרוי מייצע איז געווען צווישן די ערשטע גרינדערינס פון אונדזער פיינער אָרגאַניזאַציע.

מיר באַטייליקן זיך און זיינען אַקטיוו אין אַלע אונטערנעמונגען פאַר דעם אויפבוי פון ישראל, ווי אויך פאַר לאָקאַלע אינסטיטוציעס.

# צוריק אין הוסיאַטין נאָך 3 יאָר אין ניו־יאָרק

## פון פריידע גענאַר מאָדריק (ניו־יאָרק)



איך, פריידע גענאַר מאָדריק, בין די טאָכ־טער פון חיים מאָדריק, ס׳אייניקל פון זיסע מאָדריק. דער זיידע איז געווען אַ קלוגער איד. האָט זיך אָפּגעגעבן מיט קהל׳שע זאַכן. די קלויז לעבן זיין הויז האָט מען גערופן זיסע מאָדריקס קלויז און זיסע מאָדריקס קערניצע.

מיין מוטער איז געווען שבע בעקער, שלמה איציקלס טאָכטער. דער זיידע איז געווען אַ איד אַ תלמיד חכם, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט לערנען תורה און אויסגעטייטשט, אַז טעות גוי איז ניט מותר.

***

וואָס כ׳וועל דאָ איבערגעבן, האָט זיך אָנגעהויבן אין פרילינג, 1914, ווען כ׳האָב — נאָך פיל וויכוחים מיט מיין קלוגן, וועלטלעכן פאָטער — זיך פאַרשטענדיקט מיט אים, אַז כ׳זאָל פאָרן קיין הוסיאַטין, און צוריקברענגען די צוויי ברידערלעך, איציק און שמואל, וועלכע זיינען געבליבן אַליין.

אונדזער צאַרטע, גוטהאַרציקע מוטער — וועלכע האָט ניט אָפּגעגעסן קיין מאָלצייט ביז זי האָט ניט באַזאָרגט עמעצן, וואָס איז הונגעריק — האָט אין האַרבסט, 1913, באַגלייט מיין שוועסטער, שפרינצין אויף איר וועג קיין אַמעריקע. ווען די מאַמע האָט זיך אומגעקערט אַהיים, איז זי קראַנק געוואָרן. כ׳פיל, אַז די מורא, אַז זי וועט אויך מוזן פאָרן צו דער טריפה׳נער אַמעריקע, האָט זי ניט דערמוטיקט צום לעבן.

אין צוויי וואָכן אַרום איז זי געשטאָרבן. די קינדער זיינען געגאַנגען פון איין זיידן צום צווייטן (קיין באָבעס זיינען ניט געווען) און זיי האָבן קיין היים ניט געהאַט. דערפון האָט זיך גענומען מיין וואונטש, זיי צו ברענגען קיין אַמעריקע. כ׳האָב געטראַכט, אַז די קינדער זיינען יונג, וועלן זיי האָבן אַ גע־לעגנהייט צו לערנען; אָבער אַ מענטש טראַכט און גאָט לאַכט, ווי ס׳ווערטל גייט.

און אַזוי, פול מיט האָפענונג און חלומות, בין איך — אין אַ זוניקן, וואַ־

רעמען טאָג (פרילינג, 1914) — אָנגעקומען קיין הוסיאַטין. געזונט, יונג, גוט אָנגעטאָן, אַ ביסל אַמעריקאַניזירט, מיט אַ קליינעם טשעמאָדאַן און אַביסל מזומן, בין איך אַריבער די גרענעץ און האָב אַרויפשפּאַצירט פון דער טאַ־מאַזשנע צו זיידן שלמהס הויז.

נאָך דריי יאָר אויפהאַלט אין ניו־יאָרק, האָט דאָס שטעטל געמאַכט אַ קאַלטן איינדרוק אויף מיר; אָבער ס׳איז געווען גוט צו זען אַלעמען, כאָטש אויף אַ קורצן באַזוך.

ס׳איז קיין אַנדער אויסוועג ניט געווען ווי צו פאַרקויפן ס׳הויז און באַ־לעבאַטישקייט און צוריקבערענגען צום געזונט, די קינדער, איבערהויפּט שמואלן, וועלכער איז געווען קליין און מאָגער.

דער דאָקטאָר האָט מיר געהייסן אים נעמען אויף פרישע לופט. כ׳האָב אים גענומען אין מיינע אָרעמס און בין געגאַנגען אין ווינקל, וואו די פאַ־מיליעס טאַלמיטש און אַוועקבוך האָבן געהאַט געוואוינט, אַרום טיסטאַנוסקיס פעלדער.

***

אין גיכן, האָט אויסגעבראָכן דער ערשטער וועלט־קריג. אונדזער גרענעץ־שטעטל איז געווען ס׳ערשטע צו פילן די מלחמה. די רוסישע אַרמיי האָט זיך דערנענטערט און פיל איינוואוינער האָבן ס׳שטעטל פאַרלאָזט; איך בין אָבער פאַרבליבן ביים גרענעץ.

נאָך עטלעכע שווערע וואָכן, בין איך אָפּגעפאָרן קיין דיניוויטץ וואו כ׳האָב די קינדערלעך מיינע פאַרשריבן אין אַ דאָרטיקער שול.

אָנהייב 1915, ווען די אַרמיי איז אַריין טיפער אין גאַליציע, האָבן זיך אייניקע פאַמיליעס צוריקגעקערט אַהיים; איך אויך. כ׳האָב געדונגען אַ צימער ביי יאָסל דודיס, וואָרעם כ׳האָב צענויפגענומען עטלעכע קינדער און זיי גע־לערנט.

אייניקע הייזער זיינען געווען צעבראָכן; פיל פאַמיליעס האָבן געהאַט פאַרלאָרן זייערע וואוינערטער; די פאַרבליבענע האָבן זיך באַמיט, אָנצוגיין מיטן לעבן.

באַלד איז די רוסישע אַרמיי געטריבן געוואָרן פון גאַליציע. אין אונדזער שטעטל האָט געבושעוועט דער קריג. מענשן זיינען גאַנצע טעג געלעגן אין די קעלערן. ביי משה קאַפּלאַנען אין קעלער האָבן זיך אויפגעהאַלטן צען פאַ־מיליעס. אין קעלער האָט מען געגעסן, דאָרט איז מען געשלאָפן.

איך מיט די קינדער האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין הויז, ווייל כ׳האָב אין קעלער ניט געקענט זיין. ס׳קריגן וואַסער איז געווען אַ גרעסערער פּראָבלעם ווי איינשאַפן זיך שפּייז.

ווען די שיסעריי איז פאַרמינערט געוואָרן, האָבן זיך די מענטשן אַרויס־געכאַפּט פון די קעלערס און זיינען געלאָפן צו שמעון אַלטערס קערניצע, וואָס האָט זיך געפונען אויפן באַרג.

ווען מיר זיינען אַלע געלאָפן נאָך וואַסער, איז, דורך דער שיסעריי, געטויט געוואָרן אַברהם ליפּציס.

כ׳געדענק נאָך איצט ווי רייזע דער ניסיכעס הענט האָבן זיך געטרייסלט, ווען כ׳פלעג איר געבן וואַסער פאַר די קינדער.

***

שווער איז געווען ס׳לעבן.

ס׳איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן די ניקאָלייעווסקע גזירה, אַז אַלע אידן מוזן פאַרלאָזן די גרענעץ, וואָרעם זיי גיבן אַרויס סודות דעם שונא.

כ׳האָב געדונגען אַ וואָגן מיט פערד.

ס׳זיינען אָנגעקומען פורן פון סמאטריטש. דער גוי האָט ניט געוואָלט פאָרן קיין דינאָוויץ; בין איך געפאָרן קיין סמאטריטש. פון דאָרט, האָב איך געוואָלט פאָרן מיט אהרן בעל־עגלה קיין דינאָוויץ.

כ׳האָב איבערגעלאָזן די קינדער מיט די פעקלעך ביי משה דעם בלינדן (ער איז אין הוסיאַטין געווען אַ מלמד), און בין געלאָפן צום בעל־עגלה; ער איז שוין געווען אָפּגעפאָרן.

מיט אַ שווער געמיט, האָב איך זיך געלאָזט גיין צו משה מלמד.

אויפן וועג האָב איך געטראָפן בינע קאָץ, וועלכע האָט געוואָלט וויסן, ווען כ׳פאָר קיין דינאָוויץ.

גייענדיק ווייטער האָב איך באַגעגנט דוד גאָלד, וועמעס פרוי איז געווען אַ צאָן־דאָקטאָר און מיט וועמען כ׳האָב זיך געהאַט געטראָפן אין הוסיאַטין. ער איז געווען פנחס פוקסעס אַ קוזין, מיין טאַטנס געוועזענער שותף. ער האָט מיך פאַרבעטן צו זיך אין הויז, באַקענט מיט זיין פרוי. אויף זייער איינ־לאַדונג, האָב איך ביי זיי איבערגענעכטיקט. די קינדער האָבן זיי באַזאָרגט מיט אַן אַנדער משפחה.

אויף צו מאָרגנס, האָבן זיי מיך געפרעגט, צי כ׳האָב עפּעס באַזונדערס דורכצופירן אין דינאָוויץ. ווען כ׳האָב געענטפערט אַז ניט, האָבן זיי מיך צוגע־רעדט, צו בלייבן אין סמאטריטש; כ׳האָב דערויף איינגעשטימט, וואָרעם ס׳איז געווען נעענטער צו דער גרענעץ.

אין עטלעכע טעג אַרום, האָט זיך באַוויזן משה חכם און האָט געפרעגט דודן וואו ס׳זיינען מיינע ברידער, די יתומים. דוד האָט שטילערהייט דער־ציילט, אַז איך בין עס די עלטערע שוועסטער פון די יתומים.

ווען חכם האָט זיך אַרומגעקוקט און מיך דערזען, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז איך בין איינע פון די יתומים.

מיר האָבן זיך געפילט אומאַנגענעם און אַ שטיקל צייט אויסגעמיטן איינס ס׳אַנדערע, ווי פרעמדע מענטשן, אָבער דוד האָט געמאַכט זיכער, אַז מיר זאָלן זיך טרעפן.

פון דעמאָלט אָן, האָט זיך פאַר משה חכמען — דעם גוטהאַרציקן, איידעלן יונגנמאַן, וואָס האָט געהאַט אומדערמידלעך געאַרבעט לטובת די אַרויסגע־

שיקטע פון הוסיאַטין — אָנגעהויבן שווערינקייטן, באַזונדערס וואָס איז נוגע מיינע פּראָבלעמען.

ער דערמאָנט דאָס אַלץ אין זיין בוך.

כ׳האָב זיך אָפּגעזאָגט פון הילף און געבעטן אַרבעט. כ׳האָב זיך באַרואיקט ווען כ׳האָב באַקומען אַ שטעלע אַלס לערערין אין אַ קינדער־שול פון די בעזשענצעס (פליכטלינגע).

כ׳האָב זיך איינגעבירגערט; אויסגעשריבן צייטונגען פון קיעוו, צום פאַר־קויפן; און אויך איינגעאָרדנט אַ קליינעם רעסטאָראַן.

דריי יאָר בין איך פאַרבליבן אין סמאטריטש.

וועגן יענע יאָרן קען מען אָנשרייבן אַ גאַנץ בוך; אָט דאָס האָט טאַקע מיין מאַן, משה חכם געטאָן.

***

כ׳וויל בלויז דערמאָנען עטלעכע אומפאַרגעסלעכע איינדרוקן.

כ׳האָב געהאַט געזען אַן אַלטן איד, וואָס איז שפּעטער צו אומגעבראַכט געוואָרן דורך די פּעטלוראָווצעס.

אַ באָלשעוויק איז געשטאַנען מיט אַ ביקס צוגעדריקט צו מיין האַרץ.

אַרויפקומענדיק פון קעלער, האָב איך געעפנט די טיר. מ׳האָט אים, דעם באָלשעוויק, פאַרזיכערט, אַז אין הויז זיינען קיין פּעטלוראָווצעס ניטאָ.

דער באָלשעוויק האָט אַוועקגענומען ס׳ביסל צוקער און מעל, וואָס כ׳האָב פאַרמאָגט; אָבער נאָך לאַנגע רייד, האָט ער עס מיר צוריקגעגעבן, פון וועלכן כ׳האָב געמאַכט אַ לעבן.

דער באָלשעוויסטישער סאָלדאַט האָט פאַרלאָזט מיין הויז און איז אַריבער צו משה בלאנקס וואוינונג און האָט דערשאָסן זיין עלטסטן, זייער געראָטע־נעם זון.

דער פאָטער משה בלאנק, האָט איבער זיין זונס טויט געזאָגט דעם אַלטן אידישן פּסוק, „הד״ש נתן והד״ש לקח״ (גאָט האָט געגעבן און גאָט האָט צו־ריקגענומען).

יעדן פאַרנאַכט, האָב איך געוויזן די קינדער וואו כ׳באַהאַלט ס׳ביסל געלט, וואָס כ׳האָב פאַרמאָגט, ווייל ווער ווייסט, ווער ס׳וועט מאָרגן בלייבן לעבן.

***

אָנהייב 1919, האָב איך זיך צוריקגעקערט קיין הוסיאַטין, אַלץ איז געווען צעבראָכן. מיר האָבן אָבער איבערגעלעבט די שווערע צייט.

מיר זיינען, צום גרעסטן טייל, געווען באַהאַלטן, לויפנדיק שפּעטער צו קיין טשימראָוויץ.

אין 1920, זיינען מיר שוין געווען אין לעמבערג. ווען מיר האָבן באַקומען געלט פון טאַטן, זיינען מיר אַוועק קיין וואַרשע.

נאָך פיל שווערינקייטן, זיינען די קינדער אָפּגעפאָרן צום טאַטן.

איך און מיין מאַן זיינען געפאָרן קיין קאַנאַדע.

אין 1923, זיינען מיר אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק, וואו אונדזער זון איז

געבוירן געוואָרן; פינף יאָר שפּעטער, זיינען מיר געבענטשט געוואָרן מיט אַ טאָכטער.

ביידע זיינען אויסגעוואַקסן געראָטענע פּראָפעסיאָנאַלן.

מיין ברודער איציק האָט חתונה געהאַט מיט דער שטיף־שוועסטער, אַן אַמעריקאַנער געבוירענע, אַ זייער פיינע פרוי. זיי האָבן צוויי זין, פּראָפעסיאָנאַלן; אויך די שוועסטער האָט צוויי פיינע קינדער.

בעת דער מלחמה, האָבן מיר איבערגעלעבט זייער אַ שווערע צייט, אונדזער זון האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי (אין די פיליפּינער אינדזלען); ברודער שמואל — אין צפון־אַפריקע.

איציקס זון האָט געדינט אין אייראָפּע, וואו ער איז, אין שלאַכט, צוויי מאָל פאַרוואונדעט געוואָרן. פאַר האָבן זיך אויסגעצייכנט אין קריג, איז ער באַערט געוואָרן מיט מעדאַלן. ער איז, דאַנקען גאָט, געזונט.

איציקס צווייטער זון, וועלכער איז געווען אַ מאַטראָז, האָט געדינט מעבר לים.

נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט מיין ברודער שמואל געהייראַט — מיט אַ פיין יארמאָליניצער מיידל.

האָב איך איצט אַ ביסל נחת.

ליידער אָבער, איז מיין מאַן — וועלכער האָט ס׳גאַנצע לעבן געהאַט גע־קעמפט פאַר גערעכטיקייט — געשטאָרבן.

דעם פעטער יוספס צוויי טעכטער, פעסי און רופצי — מיט דריי געראָ־טענע קינדער און צוויי אייניקלעך — געפינען זיך אין פילאַדעלפיא, פּענסיל־וויניא.

אבא, דעם פעטער משהס זון — און זיינע צוויי זין, פּראָפעסיאָנאַלן, אינ־איינעם מיט פיר אייניקלעך — געפינען זיך אין לאָס־אַנדזשעלעס, קאַליפאָרניע.

אויך מיין זון און מיינע צוויי אייניקלעך געפינען זיך אין לאָס אַנדזשעלעס.

אין ניו־יאָרק געפינען זיך מיין טאָכטער, איידעם און צוויי אייניקלעך.

די שוועסטער האָט פיר אייניקלעך; איציק האָט פינף.

פון דער מאַמעס גרויסער פאַמיליע, לעבט בלויז איינער — מומע איידאס זון, וועלכער וואוינט אין אָלבאַני, ניו־יאָרק, מיט זיין פיינער פרוי און צוויי טייערע קינדער.

# דעראינערונגען פון מיין געבורטס־שטעטל

פון גיטל גרינבערג (ניו־יאָרק)



צו אונדזער שטעטל האָט מען זיך באַצויגן מיט אַ ספּעציעלער אָנערקענונג — צוליב מער ווי איין אורזאַך. אינעם שטעטל הוסיאַטין, וואו מיינע עלטערן האָבן געוואוינט, זיינען אַלע אונדזערע קינדער געבוירן געוואָרן — פינף ברידער און דריי שוועסטער: — דוד, אַנטשעל, יחיאל, בערצי, אברהם, אסתר, פּעסיע און גיטל. דאָס שטעטל האָט זיך געפונען ביי אַ גרענעץ צווישן רוסלאַנד און גאַליציע; מיר האָבן גע־וואוינט אויף דער רוסישער זייט.

אונדזער שטעטל איז געווען אָפּגעטיילט פון הוסיאַטין, וואָס איז געלעגן אויף דער צווייטער זייט פון טייך, וואָס האָט געהערט צו גאַליציע. ס'איז געווען אַנדערש ווי אַרו־מיקע שטעטלעך. טייל סוחרים פון דעם אַרומיקן געגנט האָבן געקויפט אין גאַליציע סחורה און אימפּאָרטירט קיין רוסלאַנד; אַנדערע, ווידער, האָבן געשיקט סחורה קיין גאַליציע, דייטשלאַנד און ענגלאַנד.

מיין פאָטער איז געווען אַן אייער־סוחר. ניט נאָר מיין פאָטער האָט זיך פאַרנומען דערמיט; דאָס איז געווען אַ פּאָפּולערע סחורה, ווייל סיי דייטשלאַנד, סיי ענגלאַנד, האָבן זיך געניטיקט דערין — צוליבן דוחק אין דעם מין סחורה אין יענע לענדער. אויסער דער קאָמערציעלער זייט, וואָס איז אַ וויכטיקער פאַקטאָר, האָט ס'שטעטל הוסיאַטין פאַרנומען אַ וויכטיקן אָרט ניט בלויז אינעם אַרומיקן געגנט, נאָר אַפילו אין פיל ווייטערע געגנטן פון רוסלאַנד.

פיל מענטשן האָבן פאַרלאָזט זייער היימלאַנד און זיינען געפאָרן אין אויס־לאַנד פרייוויליק, וועלנדיק פאַרבעסערן ס'לעבן. אונטערן צאַרישן רוסלאַנד, זיינען ספּעציעל אידן געווען באַגרענעצט, ניט האָבנדיק געהאַט ס'רעכט צו וואוינען איבעראַל; צו קיין לאַנד זיינען זיי ניט געווען באַרעכטיקט, אַזוי, אַז ס'איז געווען אַ שווער לעבן פאַר דער אידישער באַפעלקערונג; אַנדערע ווי־דער — סאָציאַליסטן, רעוואָלוציאָנערן — זיינען געווען געצוואונגען צו פאַר־לאָזן רוסלאַנד.

זיי האָבן געהאַט געקעמפט קעגן דעם צאַרישן רעזשים; אַ גרויסע צאָל זיינען אַרעסטירט געוואָרן און פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר. גאַנץ אָפט, זיינען אייניקע רעוואָלוציאָנערן אַנטלאָפן פון סיביר, זיי פלעגן דעריבער דאַרפן אַרי־בערגיין די גרענעץ אומלעגאַל, כדי צו פאָרן אין דעם פרייען לאַנד אַמעריקע.

אייניקע זיינען אָנגעקומען קיין הוסיאַטין. ס׳זיינען געווען מענטשן וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט דער אַרבעט, צו טראַנספּאָרטירן מענטשן איבערן גרענעץ אין געהיים. דאָס איז געטאָן געוואָרן ביינאַכט. פון צייט צו צייט, האָט מען געכאַפּט די אַריבערגייער. איך געדענק אַזאַ פאַל: די סאָלדאַטן וואָס האָבן באַוואַכט די גרענעץ זיינען געפאָרן רייטנדיק אויף די פערד מיט ברענענדיקע שטורקאַצן, וואָס האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף דער באַפעלקערונג. די אַרעס־טאַנטן זיינען געפירט געוואָרן צו דער קאַזאַרמע דורכן שטעטל.

מיין פאָטער איז שוין דעמאָלט געווען אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע; אויך מיין עלטסטער ברודער, דוד. די מאַמע מיט די קינדער זיינען געזעסן אין פחד יענע נאַכט ביז מען האָט דערלעבט צו זען דעם טאָג.

פאַרשידענע קלאַנגען האָבן זיך אַרומגעטראָגן צווישן דער באַפעלקערונג. די פּראָגרעסיווע עלעמענטן האָבן באַרעכטיקט די אַרבעט פון די רעוואָלוצי־נערן; די רעאַקציאָנערע עלעמענטן האָבן זיי פאַרדאַמט. מ׳פלעגט אַפילו שמו־עסן, אַז ס׳האָבן זיך געפונען אַזעלכע מענטשן, וואָס האָבן זיי אַרויסגעגעבן צו דער רעגירונג.

מיין פאָטערס נאָמען איז געווען מרדכי מאָרגענשטערן; מיין מאַמעס נאָ־מען איז געווען גאָלדע. גערופן האָט מען אָבער מיין טאַטן — מאָטי פריץ. כמעט אַלע אידן אין שטעטל האָבן געהאַט אַ צונאָמען. וואָלט עמעצער גע־פרעגט פאַר מאָטי מאָרגנשטערן, וואָלטן זייער ווייניק מענטשן געוואוסט, ווען מ׳מיינט; מאָטי פריץ וואָלטן אַלע, אָן אויסנאַם געוואוסט. ביזן היינטיקן טאָג, ווייס איך ניט די אורזאַך פאַרן זייער רייכן נאָמען וואָס מ׳האָט אים גע־געבן. איך האַלט, אַז אויב מיין טייערן פאָטער האָט אַ מאָל אויסגעפעלט, דורך דער וואָך, צו פרנסה (און דאָס האָט זיכער ניט איינמאָל פּאַסירט), האָט ער אָבער געהאַט געהנוג שטאָלץ. ער קומט פון גרויסן יחוס. בטבע איז ער געווען אַ גוטער; ער האָט זיך געטיילט מיטן לעצטן ביסן; גאַנץ אָפט האָט ער זיין אייגענעם ביסן אַוועקגעגעבן. די צרה איז נאָר וואָס ער האָט געהאַט זייער ווינציק.

מיין פאָטער איז געבוירן געוואָרן אין אַ גאַליציש שטעטל. כאָראָסקאָוו. זיינע עלטערן האָבן געהאַנדלט מיט מעל. מיין מאַמע איז געבוירן געוואָרן אין רוסלאַנד; אירע עלטערן האָבן געהאַט מילן. ביז זי האָט געהייראַט, האָט זי געוואוינט צוזאַמען מיט אירע עלטערן אינעם דאָרף כאַראַפּטיוו, וואו זיי האָבן געהאַט די מילן. מיינע עלטערן האָבן זיך, באַלד נאָך זייער הייראַט, באַזעצט אין הוסיאַטין. מיין פאָטערס ברודער האָט אויך געוואוינט אין הוסיאַטין; אויך אים האָט מען גערופן מיט אַ צונאָמען — איצע חסיד.

אין 1914 ווען די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכן, בין איך גע־

ווען אַרום 12 יאָר אַלט. מיין שוועסטער, פעסיע, וועלכע האָט שוין אויך גע־האַט פאַרלאָזט דאָס שטעטל הוסיאַטין, האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט, אַז זי וואָלט איר אייגענעם לעבן מקריב געווען ווען זי וואָלט געהאַט די מעגלעכקייט צו דערשיסן צאַר ניקאָליי. זי האָט אויך געטרוימט פון אַ פריי לעבן. זי האָט געבעטן מיין פאָטער, ער זאָל איר שיקן אַ שיפסקאַרטע און זי איז טאַקע באַלד אַוועק קיין אַמעריקע. אויך אַנשל איז אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע.

מיין עלטסטע שוועסטער, אסתר, איז געווען פאַרהייראַט. זי האָט גע־וואוינט אין אַ שטעטל אַרום 10 רוסישע מייל פון מיין געבורט־שטעטל, מעכיל־פאָליע. פיל אידן פלעגן אויך פאָרן צו דעם הוסיאַטינער רבין, ער זאָל זיי בענטשן, אַזוי, אַז סיי צוליבן סטראַטעגישן פונקט וואו ס׳שטעטל האָט זיך גע־פונען, סיי צוליב די דערמאָנטע אורזאַכן, איז הוסיאַטין געווען פּאָפּולער אַרום דעם גאַנצן געגנט.

ווען דער באַפעל איז אָנגעקומען, אַז די רוסישע אַרמיי דאַרף אָנהייבן איר אָפענסיווע דורך אונדזער שטעטל, איז אויך איינצייטיק געקומען אַ באַפעל, אַז אַלע אידן זאָלן עוואַקואירן אונדזער שטעטל, — אין לויף פון ניט מער ווי דריי טעג. דע רב האָט דערלויבט צו פאָרן שבת, אויב נייטיק.

מיין מאַמע, זייענדיק מיט די דריי קלענערע קינדער, האָט געדונגען אַ וואָגן און מיר זיינען אַרויסגעפאָרן שבת אין מיטן העלן טאָג. כ׳געדענק, ווי מיין מאַמע האָט געוויינט בעתן גאַנצן וועג צו מומע לאהן, קיין קאיאוויץ, אַ דאָרף אום 10־12 וויאָרסט פון הוסיאַטין. נאָך דעם, ווי מיר זיינען אָפּגעווען אַרום 5 וואָכן ביי דער מומען, זיינען מיר געפאָרן פון דעם דאָרף קיין מעכיל־פאָליע, וואו מיין עלטסטע שוועסטער, אסתר, האָט געוואוינט. מיר האָבן זיך שוין מער ניט אומגעקערט קיין הוסיאַטין.

אין 1921, זיינען מיר געפאָרן קיין אַמעריקע.

אַן אינצידענט שטייט מיר פאַר די אויגן:

פאַר אונדזער אָפּפאָר קיין אַמעריקע, האָבן מיר באַזוכט די מומע, אינעם דערמאָנטן דאָרף. דערזעענדיק ווי זי קייט כסדר, האָב איך זי געפרעגט, פון וואַנען ס׳נעמט זיך. האָט זי מיר דערמאָנט, אַז בעת מיר האָבן געהאַט געוואוינט ביי איר אין דאָרף, איז געזען געוואָרן, פון דער ווייטנס, אַ גרויסער פלאַם, באַלייכטנדיק דעם הימל. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס׳צאַרישע מיליטער האָט געהאַט אונטערגעצונדן ס׳גאַנצע שטעטל, בעתן אַריינדרינגנ אין גאַליציע.

דאָס האָט אויף דער מומען געמאַכט אַזאַ שוידערלעכן איינדרוק, אַז נאָך דעם, ווי זי האָט, אין אַ געוויסן טאָג, עפּעס געגעסן, האָט זי — ווי דער רע־זולטאַט פון דער נערוועזיטעט — גענומען אומאויפהערלעך קייען.

דער דאָזיקער פּלאָג איז איר פאַרבליבן ביזן לעצטן טאָג פון איר לעבן.

# מיינע דערפֿאַרונגען פֿון הוסיאַטין, אויף דער עסטרייכישער זייט

פון בערל לאַנגער (ניו-יאָרק)



כ'וויל דאָ איבערגעבן, בקיצור, וועגן דעם וואָס ס'איז בעתן ערשטן וועלט-קריג געשען מיט עטלעכע טויזנט אידן, וואָס כ'בין געווען איינער פון זיי.

איינצייטיק, וועט זיך דער לייענער באַקענען מיט דער אָפּפערוויליקייט, וואָס די רוסיש־אוקראַינישע אידן האָבן אַרויסגעוויזן, צו העלפן אונדז אין דער טרויעריקער לאַגע.

***

ביים אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין 1914, בין איך אַלט געווען פופצן יאָר. מיינע עלטערנס פינאַנציעלע באַדינגונגען זיינען דעמאָלט געווען ווייט פון צופרידנשטעלנד. מיר האָבן זיך געפינען אין דער עסטרייכישער זייט, אין הוסיאַטין.

תיכף ווי די רוסישע אַרמיי האָט אָנגעהויבן צו באַשיסן אונדזער גרענעץ־שטעטל, איז י. יאַשפּע פאַרוואונדעט געוואָרן פון דער ערשטער רוסישער קויל. ער איז געווען באבע יאשפּעס מאַן, וועלכער איז גראָד דעמאָלט געווען ביי די מעלצערס אויף אונדזער זייט הוסיאַטין.

די טרויעריקע ידיעה האָט זיך בליץ שנעל צעטראָגן איבער דעם גאַנצן שטעטל. ס'איז געוואָרן אַזאַ געוואַלדיקע שרעק אין אונדזער שטעטל, אַז אַלע דאָרטיקע אידן האָבן אָנגעהויבן צו אַנטלויפן, פּאַראַליזירנדיק אַלץ אין אַ געוואַלדיקן פּאַניק. וואוהין צו לויפן האָט מען ניט געוואוסט.

אויך מיינע עלטערן און די קינדער זיינען אַנטלאָפן, ניט מיטנעמענדיק קיין שום זאַך. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין שווייקאָוויץ, לעבן טשערטקאָוו, וואו אַ אידישע משפחה האָט אונדז געגעבן שוץ.

די רוסישע סאָלדאַטן, מיט אונדזערע גויאישע באַנדיטן, האָבן געראַבעוועט ס'גאַנצע האָב און גוטס פון דער אידישער באַפעלקערונג, אין יעדער הויז. די אידישע נפשות האָבן דעמאָלט געציילט 8,000.

נאָך דעם, ווי די באַנדיטן האָבן צוגערויבט — און אַריבערגעפירט אין די דערפער — דאָס גאַנצע אידישע פאַרמעגן, האָבן זיי, פון אַלע פיר עקן די שטאָט אונטערגעצונדן. די אידישע היימען האָבן געברענט אייניקע טעג. עס איז נישט פאַרבליבן אַפילו איין אידיש הויז.

פון שווייקאָוויץ האָבן מיר געמוזט זיך איבערציען קיין פּראַבוזשנא, ווייל מיר האָבן נישט געהאַט קיין מיטלען צום לעבן. מיר האָבן גערעכנט, אַז אין פּראָבוזשנא וועלן מיר קענען געפינען אַרבעט.

דערווייל האָט די רוסישע אַרמיי מאַרשירט כמעט אָן ווידערשטאַנד, מיט בליץ־שנעלן טעמפּאָ ביז פּשעמישל; דאָרט האָט די עסטרייכישע אַרמיי זי אָפּגעשטעלט און די רוסן האָבן געליטן גרויסע פאַרלוסטן.

איינצייטיק האָט אין פּראָבוזשנא אויסגעבראָכן אַן עפּידעמיע. אינעם דאָזיקן שטעטל — וואו ס'איז ניט געווען גענוגנדיקע מעדיצינישע הילף פאַרן גרויסן צופלוס פון פליכטלינגען — האָט די עפּידעמיע, דיזינטעריע, פאַראורזאַכט אומצאָליקע טויטנפאַלן. מיינע אַ שוועסטער, איינע פון די קרבנות, איז געשטאָרבן דערפון אינעם צענטן יאָרעלטער.

די בלום פון אונדזער משפּחה איז געווען דער ערשטער משפּחה־קרבן פון דער מלחמה.

אין יוני, 1915, זיינען מיר געוואויר געוואָרן, אַז אַ באַפעל — אַרויסגעגעבן דורכן רוסישן גענעראַל־שטאַב — האָט פאַראָרדנט, אַז אַלע אידן, וואָס האָבן געוואוינט ביי דער זברוטש־טייך גרענעץ, זאָלן, צוליב זיכערקייט, אַריבערגעפירט ווערן קיין סיביר.

דעם זעלבן טאָג האָבן סאָלדאַטן אונדז צוזאַמענגעטריבן אויף אַ געוויסן אָרט און געהייסן וואַרטן. מיר האָבן געוואַרט זעקס שעה, אין דער היץ. איך און מיין משפּחה האָבן זיך דאָרט געפונען אין איינעם מיט צוויי הונדערט פאַמיליעס פון הוסיאַטין און אַרומיקע דערפער.

יעדע משפּחה האָט געהאַט אַ קליין פּעקל פון בלויז די נייטיקסטע בגדים.

ענדלעך זיינען אָנגעקומען גרויסע פורן און פורמאַנעס, אָנגעפילט די עגלות און זיי אַוועקגעפירט צו דער גרענעץ־פאָדוואָלאָטשיסק.

מיר זיינען באַגלייט געוואָרן פון רייטנדיקע סאָלדאַטן, דער ערשטער אָפּשטעל איז געווען וואָלאָטשיסק.

ס'דערמאָנט זיך, דערהויפּט, די נאָבלקייט, אָפּפערווייליקייט און וואַרעמקייט פונעם אוקראַינישן אידנטום.

ניט געקוקט דערויף, וואָס ס'זיינען פאַרלאָפן איבער פופציק יאָרן זייט כ'האָב דאָס דערמאָנטע דורכגעלעבט, שטייט עס נאָך אַלץ היינט פאַר מיינע אויגן, פּונקט ווי ס'וואָלט פאַריקע וואָך געשען.

אין יעדן שטעטל זיינען, דורך די באַמיאונגען פון די אוקראַינישע אידן, געשאַפן געוואָרן הילף־קאָמיטעטן. ווי נאָר מיר זיינען אָנגעקומען אין אַ שטעטל, זיינען אונדז אַנטקעגנגעקומען פיינע, אינטעליגענטע מיידלעך און בחורים, מיט שפּייז און אַלדאָס גוטס, געשלעפּט דורך פערד און וואָגן.

אויך די יוגנט האָט זיך דעמאָלט מאָביליזירט, שלעפּנדיק גרויסע פּעסער וואַסער, פון די דאָרטיקע ברונעמס, ביז אונדזער צענויפקום־אָרט איז אײַנעם געהעריקן שטעטל באַשטימט געוואָרן.

בעת דער גאַנצער רייזע אונדזערער — אײַנגעאָרדנט כדי אונדז צו פאַר־שיקן קיין סיביר — זײַנען מיר געפאָרן מיט פערד און וועגענער — רעקוויזירט דורך דער מאַכט און באַגלייט פון רייטנדיקע זעלנער.

כדי מיר זאָלן נישט אַרײַנברענגען אַן עפּידעמישע קראַנקייט, איז אַרויס־געגעבן געוואָרן אַ שטרענגע פאַראָרדענונג, אַז נעכטיקן זאָלן מיר אויס־שליסלעך נאָר אין די וועלדער, אָדער ביים וואַסערבערג.

די הילף־קאָמיטעטן האָבן געמוזט אונטערקויפן, מיט כאַבאַר, די דאָרטיקע נאַטשאַלסטוואָ, אַז מען זאָל זיי צולאָזן צו אונדז. אָפט מאָל האָבן די אויפזעער זיי צעטריבן מיט נאַגייקעס.

פערצן טעג האָט מען אונדז געפירט אונטער אַ וואַך; פערצן נעכט האָבן מיר גענעכטיקט ביים וואַסערבערג אָדער אין וועלדער.

אין משך פון דער גאַנצער רייזע, האָבן די דאָרטיקע אידן זיך ממש מקריב געווען. פון וואָלאָטשיסק ביז ליפּאָוויץ, ניט ווייט פון קיעוו, האָבן אונדז די דאָרטיקע אידן באַזאָרגט מיט אַלדאָס גוטס: שפּייז, די נייטיקע וועש און קליידער, אויך מעדיקאַמענטן.

בעת מיר זײַנען אין ליפּאָוויץ געזעסן און געוואַרט, גרייט פאַר דער ווײַ־טערדיקער רייזע, האָט זיך פּלוצעם פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז מ׳וועט אונדז ניט שיקן קיין סיביר. נאָך פינף שעה אָפּזיצן אויף די פורן, האָט מען אונדז געבראַכט די בשורה, אַז מ׳וועט אונדז צוריקשיקן אַהיים. די פרייד פון די אומגליקלעכע אידן איז ניט צו באַשרייבן. דאָ שטראַלט ווידער אַרויס דער נאָ־בעלער כאַראַקטער פון די אוקראַאינישע אידן.

אויסגעשעפּט פון פינאַנציעלע מיטלען, מיד פון די שווערע פליכטן, גע־פּלאָגט פון מלחמה־פּראָבלעמען, האָבן די נאָבעלע אוקראַאינער אידן — ניט געקוקט אויף די שווערע אומשטענדן — גענומען אויף זיך די אויפגאַבע, אויס־צופורעמען אַ פּלאַן, ווי אַזוי אונדז אַהיימצושיקן. אַלץ איז, נאַטירלעך, געווען פאַרבונדן מיט קאָלאָסאַלע פינאַנציעלע אויסגאַבן; דאָס האָט אָבער די אידן ניט אָפּגעשטעלט דורכצופירן זייער מיסיע.

מ׳האָט אונדז אָנגעהויבן אַהיימצופירן — אויך ווי פריער, אונטער דער אויפזיכט פון דער מיליטערישער מאַכט, דאָס מאָל האָבן די מיליטערלייט געהיט, אַז מיר זאָלן ניט פּרואוון זיך אַרויסגנבענען פון דעם קאָנוואָי און זיך ניט אויסמישן מיט דער דאָרטיקער אידישער באַפעלקערונג.

ס׳איז כדאַי צו באַמערקן, אַז אייניקע משפּחות, וואָס האָבן געהאַט קרובים אין רוסלאַנד, האָבן, צוליב דעם טאַקע, זיך אויסגעדרייט פון דער אומגליק־לעכער שלעפּעניש; דער גרעסטער טייל, אָבער, איז געבראַכט געוואָרן צו דער רוסיש־עסטרייכישער גרענעץ, וואו מ׳האָט זיי באַפרייט פון מיליטערישן קאָנטראָל.

ס׳איז געווען די אַלגעמיינע איבערצייגונג, אַז ווען ניט די נאָבעלע הילף און אָפּפערווילנקייט פון די פיינע אוקראַינישע יידן, וואָלטן העלפט פון די אומגליקלעכע געווען אויסגעשטאָרבן אויפן וועג פון הונגער און קראַנקייטן.

אין זיינעם אַ בוך, האָט אַ פּראָמינענטער אַמעריקאַנער נאָוועליסט זיך אויסגעדריקט, אַז „גוטסקייט איז אַ גרויסער כוח״.

וויל איך דאָ אָנווייזן, אַז מיט אָט דעם גרויסן כוח איז באַזעלט דאָס אוקראַינישע אידנטום.

ביז 1916 האָב איך געקענט זייער ווייניק אידן פון רוסיש הוסיאַטין; געצײלטע מענטשן, וואָס פלעגן אַריבערקומען צו אונדז פאַר סוחרישע צוועקן. איינס פון זיי איז געווען מוידעל מעלער, אַן אייער־סוחר.

מיין ברודער, שייקע, און איך האָב יונגערהייט געהאַנדלט מיט פאַרשידענע סחורות, באַלד נאָך אונדזער צוריקקער אַהיים. מיר האָבן זיך פאַרשטענדיקט מיט מעלערן, אונדזער פאַרשטייער. אין גיכן, האָבן מיר זיך אויך פאַרבונדן מיט אייניקע הוסיאַטינער אידן. צו ביסלעך האָבן מיר דערפירט דאָס געשעפט צו אַ גרויסן פאַרנעם.

זייענדיק אונטערן איינדרוק, אַז רוסיש־אורקאַינישע אידן זיינען פונעם פיינסטן קאַליבר — פון די דערפאַרונגען, וואָס מיר האָבן געהאַט מיט זיי — האָבן מיר געהאַט אומבאַגרענעצטן צוטרוי צו די אידן, וואָס זיינען מיט זיי געווען סוחריש פאַרבונדן.

צום גרעסטן טייל, זיינען מיר געווען אין אַלגעמיינעם — און סוחרישן — קאָנטאַקט מיט משהלע ראָזנבערגן און יוסעל מלכהלעס, וואָס זיינען, אין אייגעם מיט אַנדערע אידן, געווען פאַרבונדן אין אַ קאָמפּאַני, וועמעס אָפיציעלער פאַרשטייער איז געווען משהלע ראָזענבערג.

מ׳האָט אָנגעהויבן האַנדלען אויף אַ גרויסן פאַרנעם; אַלע אָפּמאַכן זיינען געווען אויפן וואָרט. און משהלע ראָזענבערגס וואָרט איז ביי אונדז געווען אַ הייליקייט.

די גרויסע אַכטונג, פיינקייט און אָרנטלעכקייט פון די הוסיאַטינער אידן, מיט וועמען מיר זיינען געקומען אין סוחרישן קאָנטאַקט, איז געווען צו באַוואונדערן. משהלע ראָזענבערגן וועל איך קיין מאָל ניט פאַרגעסן; אויך בלייבט איינגעקריצט אין מיין זכרון די פאַמיליע־טראַגעדיע, וואָס האָט פּאַסירט מיט זיינער אַ שוועסטער, ציפּע.

דער בוכהאַלטער פון ראָזענבערגס געשעפט, יחיאל פוקס, האָט באַדאַרפט מיט אונדז דורכפירן — און אויסגלייכן — געוויסע ענינים; האָט ער מיטגענומען ציפּען, משהלעס שוועסטער, פאַרן איינקויף פון געוויסע באַדערפעניש.

דער טרויעריקער שיקזאַל האָט געוואָלט, אַז גראָד דעמאָלט זאָל אַרונטערקומען קיין הוסיאַטין אַ נייער פּאָליציי־קאָמענדאַנט.

זייענדיק ביי דער גרענעץ, האָט ער יחיאל פוקסן און ציפּע ראָזענבערגן, באַלד ביי זייער אָנקום, אַרעסטירט.

דער קאָמענדאַנט האָט זיי איבערגעגעבן צו די פּעטלוראָווצעס, וואָס האָבן

זיך געהאַט געפונען — אין געהיים — אויף דער פוילישער זייט און האָבן געאַרבעט, אין איינעם מיט דער פוילישער מאַכט, קעגן דער רוסישער קאָ־מוניסטישער אָרדענונג.

מיר האָבן געזוכט — און זיך נאָכגעפרעגט — אויף יחיאל פוקסן און ציפען, אין אַלע עקן פון שטעטל; ס'איז ביי אונדז געוואָרן אַ גרויסע מורא; מיר זיינען געווען פאַרצווייפלט, ניט וויסנדיק וואָס צו טראַכטן.

מיין ברודער איז געפאָרן צום סטאַראָסטע, מיט וועמען ער איז געווען זייער גוט באַקאַנט. דער סטאַראָסטע האָט געמאָלדן, אַז מ'האָט פוקסן און ציפען איבערגעגעבן צום אוקראַינישן שפּיאָנאַזש־אָפּטייל און אַז ער האָט איבער זיי קיין יוריסדיקציע ניט. ער איז געקומען צום באַשלוס, זיך צו דערווייטערן פון גאַנצן ענין, וואָרעם ווען ניט, וועט מען אים אַריינשלעפּן ווי אַ באָלשע־וויסטישן שפּיאָן.

מיט חדשים שפּעטער, האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז יחיאל פוקס און ראָזענבערגס שוועסטער, ציפּע, זיינען — דורך די פּעטלוראָווצעס — אַריינגעפירט געוואָרן אין קאַפּיטשעניצער וואַלד און דאָרט דערמאָרדעט געוואָרן.

אָט די שוידערלעכע טראַגעדיע וועל איך קיין מאָל ניט פאַרגעסן.

***

ווען איציע בילקע האָט באַשלאָסן צו פאָרן מיט זיין פאַמיליע קיין אַמע־ריקע, האָט ער געמוזט אַריבערגיין, אומלעגאַל, פון הוסיאַטין אויף אונדזער זייט, וואו ער איז אַרעסטירט געוואָרן. נאָך פיל שוועריקייטן, איז אָבער מיין ברודער געלונגען איציען — דורכן סטאַראָסטע — צו באַפרייען; אויך צו באַזאָרגן איציען און זיין משפחה מיט פאַפּירן, פאַר זייער פרייער באַוועגונג ביז זייער אָפּפאָר קיין אַמעריקע.

פון אַמעריקע, האָט איציע האפריכטער (בילקע) געשריבן עטלעכע דאַנק־בריוו צו מיין ברודער שייקען.

***

צו דער געלעגנהייט, וויל איך דאָ איבערגעבן וועגן מיין פערזענלעכער טראַגעדיע, אין צוזאַמענהאַנג מיט די היטלער־מערדערייען.

אין 1919, האָב איך זיך פאַרליבט אין אַ פיין, אינטעליגענט אידיש מיידל, די עלטסטע פון פיני באַראסעס פינף קינדער. באַראַס, אַ הויז־מאָלער, איז געווען אַ פיינער, פשוטער מענטש.

אין 1921, האָט די באַראַס משפחה געקראָגן פון קרובים, אין אַמעריקע, אַ מעגלעכקייט צו פאָרן אַהין.

ראָזע, מיין געוועזענע פרוי, האָט ניט געוואָלט מיטפאָרן, וויל מיר האָבן זיך צוזאַמענגערעדט חתונה צו האָבן און זיך איינאָרדענען אין הוסיאַטין. נאָך לאַנגע באַראַטונגען פוןביידע משפחות, זיינען זיי איינגעגאַנגען אויף אונדזער

הייראַט. אינגיכן האָבן זיי אונדז חתונה געמאַכט און די איבעריקע פון דער משפחה זיינען אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע.

מיר האָבן געלעבט זייער צופרידן, געהאַט פיין פרנסה. מיר זיינען געבענטשט געוואָרן מיט צוויי טעכטער, וואָס זיינען דערצויגן געוואָרן אויפן פיינסטן אופן.

נאָכן היטלער־פאַרכאַפּ פון עסטרייך און טשעכאָסלאָוואַקיע, האָבן מיר געמאָלדן אונדזערע עלטערן אין ניו־יאָרק, אַז צוליב דער נאַצי־מגפה, ווילן מיר אויסוואַנדערן קיין אַמעריקע; אָבער עס טוט זיך ניט אַזוי שנעל ווי עס רעדט זיך. באַזונדערס איז עס געווען דער פאַל אין די דרייסיקער יאָרן, ווען די אימיגראַציע קיין אַמעריקע איז געווען באַגרענעצט.

ענדלעך, זיינען מיר — אין 1938 — באַזאָרגט געוואָרן, דורך אונדזערע עלטערן, מיט פּאַפּירן. מיר זיינען געפאָרן צום אַמעריקאַנער קאָנסול אין וואַרשע, פאַר דער וויזע.

ווידעראַמאָל זיינען מיר געשטעלט געוואָרן פאַר אַ געוואַלדיקן נסיון. באַטראַכטנדיק די אַפּליקאַציע, האָט דער קאָנסול באַשלאָסן צו באַוויליקן אַ וויזע בלויז איינעם — דעם עלטסטן פון דער משפחה.

כ׳בין געווען פאַרצווייפלט; כ׳האָב מיין פרוי ניט געוואָלט איבערלאָזן אַליין; ס׳איז פאַר מיר געווען אומאַנגענעם צו פאָרן.

די וויזע איז באַוויליקט געוואָרן אויף אַ יאָר.

נאָכן נאַצי־איבערנעם פון טשעכאָסלאָוואַקיע, האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די היטלעריסטן גרייטן זיך אין גיכן צו מאַרשירן קיין פּוילן.

דעם ערשטן אויגוסט, 1939, האָט מיין שוואָגער מיר טעלעגראַפיש געבעטן, כ׳זאָל תיכף קומען קיין אַמעריקע, איידער ס׳ווערט צו שפּעט.

ביז היינטיקן טאָג, פּלאָגט מיך מיין געוויסן, וואָס כ׳האָב געהאַט פאַרהאַלטן מיין אומגעקומענע פרוי — בעת זי איז נאָך געווען אומפאַרהייראַט צו מיר — צו פאָרן קיין אַמעריקע מיט איר משפחה.

טרויעריק איז געווען מיין באַשלוס, איבערצולאָזן מיין פרוי און קינדער און אַליין פאָרן קיין אַמעריקע.

נאָכן סוף פון דער מלחמה און ווען עס איז באַוואוסט געוואָרן אין אַמעריקע וועגן דער קאַטאַסטראָפע אונדזערער, האָב איך דערהאַלטן אַ בריוו פון אַ יונגן אַדוואָקאַט, וועלכער איז געווען אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, אין איינעם מיט מיין עלטסטער טאָכטער.

ער האָט באַשלאָסן צו אַנטלויפן, און האָט בדעה געהאַט, אַז אויב עס וועט אים געלונגען, זיך צוצושלאָגן צו זיין ווייבס משפחה, די גינזבערגס. מיין טאָכטער האָט אים געגעבן מיין אַדרעס אין אַמעריקע.

שפּעטער־צו האָב איך אויסגעפונען, אַז מיין פרוי, אין איינעם מיט מיינע צוויי קינדער, זיינען אומגעקומען אין איינעם מיט די אַנדערע אידישע קדושים.

די איינציקע טרייסט פאַר אונדז, די געליטענע, איז — אויפצובויען אונדזער אייגן לאַנד — אויף די חורבות פון די זעקס מיליאָן אומגעבראַכטע אידן;

חורבות, וואָס זיינען צושטאַנד געקומען ווי דער רעזולטאַט פון די אומפאַר־גלייכלעכע אכזריותן: סיי פון די נאַציס, סיי פון זייערע אַרויסהעלפערס.

מיר האָבן אַ טייערן פרייז באַצאָלט.

*
**

כ׳וויל פאַרענדיקן דערמיט, אַז דאָ אין אַמעריקע האָב איך געהייראַט מיט אסתר אווערבוך, פון הוסיאַטין, די טאָכטער פון אַ פראָמינענטער פאַ־מיליע. מיר לעבן גליקלעך און צופרידן.

# זכרונות פון מיינע עלטערנס היים

## פון לואי לאַנסטער (ניו־יאָרק)



מיין פאָטער, יחיאל לאַנצעטער — אין איינעם מיט מיינע צוויי עלטערע ברידער, מרדכי און אברהם־איצי ז״ל, — האָבן זיך באַשעפטיקט מיט קויפן און עקספּאָרטירן קיין אויסלאַנד תבואות (ווייץ, קאָרן, אַרבעס, פאַסאָליעס א.אַ.). מחמת דעם, זיינען מיר געווען פאַרבונדן מיט די פּריצים — רייכע לאַנד־באַזיצער — וואָס האָבן, צום גרעסטן טייל, אָפּגעשטאַמט פון די דעמאָלטיקע פּוילישע גראַפן און אַריסטאָקראַטן.

נאָך דעם, ווי פּוילן איז צעטיילט געוואָרן צום דריטן מאָל — און פּאָדאָליער גובערניע איז געוואָרן אַ טייל פון דער צאַרישער רוסלאַנד און איז איינגעשלאָסן געוואָרן אין דעם אוקראַינישן טייל פון קיעווער און וואָלינער געגנט — זיינען די פּוילישע מאַגנאַטן דאָרט פאַרבליבן און געוואָרן די אייגנטימער פון גרויסע שטרעקעס לאַנד אויף די פעטע פעלדער פון פּאָדאָליער גובערניע און האָבן אויך פאַרמאָגט קאָלאָסאַלע וועלדער און טייכן, פון וועלכע זיי האָבן געצויגן גרויסע סומעס געלט.

דאָס אוקראַאינישע פּויערטום איז געווען אָרעם און פאַרמאָגט זייער ווייניק אייגן לאַנד און פעלדער, און די פּוילישע בעלי־בתים האָבן אויסגענוצט דעם פּויערישן אַרבעטער עלעמענט, וואָס פון זיי האָבן גאַנצע פאַמיליעס באַאַרבעט זייערע פעלדער פון פרי ביז שפּעט ביינאַכט. אַהיימגייענדיק גרופּנווייז, האָבן זיי געזונגען אוקראַאינישע פאָלקס־לידער.

ווי איך געדענק, זיינען אייניקע פון די פּריצים געווען פאַרבונדן מיט אונדזער משפּחה, צו וועלכער זיי האָבן געהאַט גרויס צוטרוי, ביים דורכפירן פאַרשידענע ברייטפאַרנעמיקע טראַנזאַקציעס.

סאַדאָווקע פון ווערכאָוועץ (לעבן סאַטאַנאָוו), זשאַראָסקע פון ווישניפּטשיק, לעבן אונדזער שטעטל; באַזאַק, צו וועמען עס האָט באַלאַנגט דאָס שטעטל לאַנצקאָרינעץ, מיט טויזנטער אַקער לאַנד אַרום יענעם געגנט, — דאָס זיינען

געווען די גאָר נאָענטע — און מ׳מעג זאָגן פריינטלעכע — פּאָליאַקן, וואָס האָבן כמעט אויסשליסלעך געהאַנדלט מיט מיינע עלטערן און ברידער.

ווי דער רעזולטאַט דערפון, איז אונדזער גרויס הויז טיילווייז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ האָטעל — אויב מ׳קען עס אַזוי אָנרופן — וואו די דערמאָנטע, און אויך אַנדערע, גוט־באַזיצער האָבן זיך כסדר אָפּגעשטעלט — דורכפאָרנדיק די גרענעץ פון הוסיאַטין קיין גאַליציע, ספּעציעל קיין לעמבערג, וואו זיי האָבן צום גרעסטן טייל, פאַרבראַכט די צייט, מיט זייערע משפחות, אין פאַרגעניגנס און פאַרוויילונגען. זיי פלעגן אויך זומער צייט וואוינען אין אָפּרו־פּלעצער, ווי קאַרלסבאַד, פראַנצענסבאַד און אַנדערע אינטערעסאַנטע געגנטן אין טשעכיע, וואָס האָבן זיך דעמאָלט געהאַט געפונען אונטער דער עסטרייך־אונגאַרישער ממשלה.

מיין מוטער, מרים, האָט געשטאַמט פון יענע געגנטן און האָט זיך געקענט דורכרעדן אויף פּויליש מיט די רייכע פּריצים. מיין פאָטער און מיינע ברידער האָבן אויך גערעדט פּויליש — אויסגעלערנט פון לאַנגער פּראַקטיק מיט די רייכע פּאָליאַקן, וואָס האָבן געהאַט געלעבט אונטער דעם פּראָטעקטאָראַט פון דער צאַרישער רעגירונג, כאָטש זיי האָבן עקספּלואַטירט די אוקראַינישע בירגער.

מיין מוטער האָט געוויינלעך געקאָכט און צוגעגרייט פאַר די אָנגעזעענע געסט פיינע כשר׳ע מאכלים, וואָס זיינען פון זיי כסדר געלויבט געוואָרן. געלט האָבן מיר פאַר דעם ניט באַקומען, אָבער דערפאַר האָבן די דערמאָנטע געסט געשיקט גאַנצע וועגענער שפּייז פאַר אונדז אַלעמען — אַפילו פאַר די פיר פערד, וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט, מיט וועלכע מ׳איז אַרויסגעפאָרן צו די פּריצים אַלע טאָג.

אין הוסיאַטין האָבן זיך שטענדיק געפונען קאָזאַקישע און טשערקעסישע אָפּטיילונגען פון דער רוסישער אַרמיי. אָפט זיינען פאָרגעקומען, אַרום די גרענעצן, מאַנעווורעס, צו וועלכע עס זיינען געקומען הויכע מיליטערישע פּערזענלעכקייטן, גענעראַלן און פּאָלקאָווניקעס, וואָס האָבן פאַרנומען אייניקע צימערן אין אונדזער היים. קיין פיינערער האָטעל האָט הוסיאַטין ניט פאַרמאָגט.

אַזוי אַרום האָבן מיר שטענדיק געלעבט אין אַן אָנגעצויגענער אַטמאָספער און באַדאַרפט אַרויסווייזן כבוד און רעספּעקט צו די פּריווילעגירטע און רייכע מענטשן פון די אַמאָליקע דורות.

מיר זיינען געווען פאַרבונדן מיט סוחרים פון דער אַנדערער זייט גרענעץ, ווי צום ביישפּיל: משה מאַרגאָליס, שלום האַראָוויטץ, פּייוויש וואַטמאַן און אַנדערע.

עטלעכע יאָר פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין 1914, איז דער קאָפּיטשעניצער רבי, הרב יצחק מאיר העשעל, ז״ל, אַריבערגעקומען דורך דער גרענעץ און האָט באַזוכט זיינע חסידים אין די אַרומיקע שטעטלעך. ער פלעגט איבערנעכטיקן אין אונדזער היים. האָט ער איין מאָל אַריינגערופן מיין מאַמען און זי געפרעגט, אין אַ פריינטלעכן טאָן, צי זי האָט כשר־געמאַכט

די הון. געוויס האָט ער געמאַכט אַ שפּאַס מיט דעם, ווייל ער איז געווען זיכער, אַז אַלץ איז כשר וישר.

אַלע יאָר, זומער צייט, איז אין קיעוו פאָרגעקומען אַ גרויסער צוזאַמענ־פאָר, וואָס איז באַצייכנט געוואָרן ווי „קאָנטראַקטן". עס זיינען געשלאָסן גע־וואָרן קאָמערציעלע אָפּמאַכן, בעת וועלכע מ׳האָט געקויפט און פאַרקויפט טויזנטער וואַגאָנען תבואה. מיין ברודער, מרדכי, האָט פאַרבראַכט די גאַנצע זעקס וואָכן פון דער צייט אין קיעוו.

אַזוי ווי אין קיעוו האָבן אידן ניט געטאָרט וואוינען, האָט מען דעריבער געמוזט קריגן דערלויבעניש אַלס ערשטער גילדע סוחר, וואָס האָט באַרעכ־טיקט זיך צו געפינען אין קיעוו בעת דער צייט פון די קאָנטראַקטן.

כ׳בין געקומען קיין אַמעריקע אין 1912 און אַהיימגעפאָרן אין יאָר 1913 צוליב דעם, וואָס ברודער מרדכי איז שווער קראַנק געוואָרן און האָט פאַר־לאַנגט, כ׳זאָל אים קומען זען פאַר זיין טויט.

נתן קאַץ, פון הוסיאַטין, האָט מיך דאָ אין ניו־יאָרק פאַרזאָרגט מיט אַ שיפס־קאַרט אַהיימצופאָרן. נאָך מרדכיס טויט האָב איך זיך געשטעלט צום פריזיוו. דער פריער־דערמאָנטער פירשט באַזאַק איז געווען דער פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע און ער האָט מיך באַפרייט פון מיליטער־דינסט.

כ׳האָב זיך אומגעקערט קיין ניו־יאָרק אין יאָר 1914 ; חתונה געהאַט מיט מיין איצטיקער געטרייער, איבערגעגעבענער פרוי, אסתר, וואָס שטאַמט פון ליטע. מיר האָבן צוויי גערעטענע קינדער — אַ זון מיט אַ טאָכטער — און טייערע אייניקלעך.

מיין עלטערע שוועסטער,ביילע, וואוינט אין ישראל ; די שוועסטער דבורה — אין מיאַמי, פלארידע.

לויט די ידיעות, וואָס איך האָב באַקומען, זיינען מיינע עלטערן, ברודער און שוועסטער — און די גאַנצע משפחה — אומגעבראַכט געוואָרן אין לעמ־בערג, אין 1943—1942, דורך די הענט פון היטלערס רוצחים. ס׳איז שווער צו פאַרגעסן און זיי שטייען פאַר מיינע אויגן.

תנצב״ה.

# מיין שטעטל

## פון אייזיק פוקס (סי בראַיט, ניו-דזשורזי)



מער פון אַלץ, האָט זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון די צייט ווען די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן.

הוסיאַטין האָט דעמאָלט געהאַט דעם גלאַנץ און שטענדיקן גערודער פון די מסחרים, וואָס האָבן עקזיסטירט אַזוי פיל יאָרן. יעדן טאָג האָבן מיר איבערגעלעבט פאַרשידענע סכנות פון די סאָלדאַטן, וואָס האָבן אָן אויפהער, מאַר־שירט דורך דער גרענעץ קיין גאַליציע. עס האָט געשוועבט אַ מין פחד אין יעדנס אויגן. קיינער האָט ניט געוואוסט וואָס דער מאָרגנדיקער טאָג אָדער נאַכט וועט מיט זיך ברענגען.

ווי באַוואוסט, האָט מען אונדז אַלעמען, אין 1915, אַרויסגעטריבן פון שטעטל. אונדזער ערשטער אָפּשטעל איז געווען טשעמראָוויץ. נאָך דעם האָבן מיר זיך באַזעצט אין סמאטריטש. ווען ס׳איז דערלויבט געוואָרן די אַרויסגע־טריבענע אידן, פון די מלחמה־גרענעצן, זיך אומקערן אַהיים, זיינען מיר צוריק געפאָרן אין שטעטל. אין דער צייט פון די שיסערייען, איז חרוב געוואָרן אונ־דזער הויז און מיר האָבן זיך גענומען צוריקאויפבויען אַ שטיקל היים.

אַרום שטעטל האָבן זיך געפונען „אָקאָפּעס״ (גריבער, וואו די רוסישע סאָלדאַטן האָבן זיך געהאַט אויפגעהאַלטן אין דער צייט פון קריג). פון דאָרט האָבן מיר אַרויסגעשלעפּט דאָס האָלץ, מיט וואָס די גריבער זיינען געווען פאַרדעקט, און צונויפגעקלאַפּט עטלעכע ווענט; מיט אַנדערע פּרימיטיווע מאַ־טעריאַלן האָבן מיר פאַרענדיקט ס׳הויז, ס׳זאָל אַמווייניקסטנס מעגלעך זיין צו וואוינען און באַשיצט ווערן פון קעלט און רעגנס.

לאַנג האָט ניט גענומען און ס׳האָט אויסגעבראָכן אין לאַנד אַ רעוואָלוציע — צום בעסערן אָדער ערגערן; אָבער פאַר אונדזערע לאַנדסלייט האָט זיך ווידער אָנגערוקט אַ שטורמווינט. צו ערשט זיינען אָנגעקומען די דייטשן; נאָך דעם, די פּאָליאַקן, אין איינעם מיט אוקראַאינער סאָלדאַטן. צי זיי האָבן באַוויזן זיך קעגנצושטעלן דער רויטער אַרמיי, איז אַן אַנדער פראַגע; איינס האָבן זיי אָבער יאָ דערגרייכט: רויבן און שלאָגן אידן. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע באַהעלטעניש אין די קעלערן און וואו נאָר מ׳האָט געקענט. אַברהם גראָסמאַן (ליפּצין) איז דעמאָלט געשאָסן געוואָרן.

איך געדענק איין טראַגישע געשעעניש, וואו אונדזערער אַ שכן, אהרן באַראַבאַלי, האָט איינגעשטעלט זיין לעבן: מיט דער אוקראַינישער אַרמיי, פון גאַליציע האָט זיך פאַרוואַלגערט אַ אידישער סאָלדאַט, וועמען ער האָט אַריינ־גענומען אין קעלער. באַראַבאַלי האָט איבערגעטאָן דעם סאָלדאַט אין ציווילע מלבושים, צוגענומען פון אים די ביקס און באַגראָבן אין דער ערד אונטערן הויז, און דעם איד אַוועקגעפירט קיין טשעמראָוויץ. פאַר אַזעלכעס, ווען מ׳כאַפּט אים, וואָלט ער זיכער דערשאָסן געוואָרן.

איך געדענק, ווען כ׳פלעג גיין מיטן טאַטן, ישראל שלמהניס (פוקס), דאַווענען אין דער גרויסער שול, איז אַהרן געווען איינער פון די, וואָס האָט געהאָלפן האַלטן אָרדענונג ביים דאַווענען, אַז די יונגע חברה זאָל זיין שטיל און זיך בעסער צוהערן צום חזן וואָס האָט געדאַוונט פאַר דעם עמוד נעבן ארון קודש און האָט, נעבעך, געקרעכצט און געבעטן דעם אויבערשטן, צו העלפן עם ישראל אין זיינע צרות. כ׳האָב געפילט, אַז אַהרן האָט באַהאַנדלט ניט ריכטיק די חברה, וואָס שטערן דעם דאַווענען; אָבער נאָך דעם, ווי ער האָט אָפּגעראַטעוועט אַ אידישן סאָלדאַט און איז געווען אין סכנה, אַליין צו באַצאָלן מיטן לעבן, איז זיין אויטאָריטעט ביי מיר געוואָקסן.

בעת די שיסערייען, האָט מיין פאָטער, ע״ה, גענומען דעם טלית מיט די תפילין און איז צופוס אַוועק קיין טשעמראָוויץ. מיין מאַמע, ע״ה, איז געבליבן מיט די קינדער. כ׳בין געלעגן קראַנק אויף טיפוס און מ׳קען פאַרשטיין אין וואָסער לאַגע מיר, אידן, אין שטעטל האָבן זיך געהאַט געפונען.

אין 1920, בין איך אַריבער דער גרענעץ. די פּאָליאַקן האָבן מיך איבער־גענומען און דערקלערט, אַז כ׳בין אַ רוסישער שפּיאָן. זיי האָבן מיך אַוועקגע־פירט קיין קאַפּיטשעניץ און איבערגעגעבן צו דער מאַכט, אויפן גרונט, אַז כ׳בין אַ באָלשעוויק. די גאַליציאַנער אידן האָבן אָנגעווענדט אַלע מיטלען און מ׳ האָט מיך באַפרייט. זיי האָבן אויך פיל געהאָלפן אונדזערע רוסישע אידן, וואָס זיינען אויך געווען אין אַ שווערער לאַגע. כ׳בין אַוועק פון דאָרט קיין אַרגענטינע, מיט מיין שוועסטער סימע. די שוועסטער מייקע, וואָס איז געווען אין אַמעריקע נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט אונדז באַזאָרגט מיט געלט פאַר דער רייזע קיין בוענאָס איירעס.

צוויי יאָר שפּעטער, האָבן מיר פאַרלאָזן אַרגענטינע און געקומען קיין ניו־יאָרק. אונדזער מוטער, ע״ה, איז נאָך דעם אַריבערגעקומען און האָט געוואוינט צוזאַמען מיט אונדז; אין אַ יאָר אַרום, איז זי געשטאָרבן.

כ׳האָב געהייראַט און לעב גליקלעך מיט מיין ליבער פרוי, אסתר, און דריי קינדער. צו אָנקל סעם האָבן מיר קיין טענות ניט, הלוואי אויף אַנדערע אידן געזאָגט געוואָרן.

ביים צוזאַמענשטעלן און אַרויסגעבן דעם הוסיאַטינער ספר הזכרון, האָב איך גענומען אַ זייער אַקטיוון אָנטייל; זאָל דאָס דאָזיקע ספר בלייבן ווי אַן אָנדענק אויף אייביק.

# זכרונות

### פון יצחק ראָזענבערג (פילאַדעלפיע, פּענסילווייניאַ)



איך האָף, אַז איך וועל געפונען צווישן די בלעטער פון הוסיאַטינער „יזכור בוך" אַ סך היסטאָרישע מאַטעריאַלן וועגן דעם לעבן און אומקום פון אונדזער שטעטל. איך גלייב, אַז אונדזער יזכור־בוך וועט זיין אַ קוואַל פון אינ־פאָרמאַציע פאַר די צוקונפטיקע פאָרשערס און היסטאָריקער וועגן די טראַגישע געשעענישן, וואָס אונדזערע אידן האָבן איבערגעלעבט אין דער אוקראַינע ווי אויך אין אַנדערע ישובים איבער פאַרשידענע טיילן פון דער וועלט.

איך אַליין געדענק זייער ווייניק וועגן די אַוועקגעגאַנגענע יאָרן. איך געדענק די ערשטע וועלט־מלחמה, ווען מיר האָבן געוואוינט ביי דער גרענעץ און זיינען פון דאָרט פאַרטריבן געוואָרן אַלס אידן.

עס איז אַ דערפרייענדיקע דערשיינונג, אַז די הוסיאַטינער־פּאָדאָליער לאַנדסלייט האָבן אונטערגענומען און דערפאָלגרייך פאַרענדיקט דאָס מאָנו־מענטאַלע ווערק וואָס וועט צוזאַמען מיט פיל אַזעלכע אויסגאַבעס צונויפשטעלן דעם קוואַל פון כראָנאָלאָגיע און טראַגישע געשעענישן פון אידישן לעבן אין 20סטן יאָרהונדערט. פאַר דער איניציאַטיווע דאַרפן מיר באמת דאַנקבאַר זיין צו די געציילטע אַקטיווע פריינט, וואָס זיינען שוין פיל מאָל דערמאָנט געוואָרן אין אַנדערע באַשרייבונגען.

איך בין דער זון פון מאיר און רבקה ראָזענבערג, ע״ה, פון הוסיאַטין. אונדזער פאַמיליע איז אַ מאָל באַשטאַנען פון ניין פּערזאָן: מיין טאַטע, מאַמע, פינף ברידער און צוויי שוועסטער.

מיין שוועסטער ראָזע, ע״ה, איז געשטאָרבן אין פילאַדעלפיע, די צווייטע שוועסטער ציפּע איז אומגעקומען אויף אַ זייער טראַגישן אופן אין עלטער פון זיבעצן יאָר, אין 1922־1923. זי איז אַריבערגעגאַנגען די גרענעץ אין הוסיאַטין עפּעס צו קויפן. די פּאָליאַקן וואָס האָבן באַוואַכט די גרענעץ פון דער אַנדערער זייט האָבן זי אַרעסטירט צוזאַמען מיט יחיאל פוקס, ע״ה, פון

הוסיאַטין און זיי אַוועקגעשיקט קיין קאַפּיטשיניץ און איבערגעגעבן צו די אוקראַינער מערדערס, וואָס האָבן אין יענער צייט געבושעוועט אין גאַליציע און פון דאָרט האָבן זיי זיך מער ניט אומגעקערט.

מיין מוטער, ע״ה, האָט איינגעריסן וועלטן, געפאָרן קיין לעמבערג און אַנדערע פּלעצער. געוועזן גרייט אַוועקצוגעבן אַלץ וואָס זי האָט פאַרמאָגט אָבער אָן דערפאָלג. דער ווייטאָג ליגט ביי מיר פאַרגראָבן אין האַרצן מיין גאַנץ לעבן.

איך וואוין מיט מיין ליבער פרוי אַדעל אין פילאַדעלפיע. מיר האָבן אַ געראָטענעם זון, טאָכטער, איידעם און צוויי אייניקלעך.

עס איז פאַר מיר דער גרעסטער פאַרגעניגן זיך צו באַגעגענען מיט מיינע פריינט, הוסיאַטינער לאַנדסלייט און איך קום אויך פון צייט צו צייט קיין ניו־יאָרק צו די מיטינגען פון הוסיאַטינער פרענדשיפּ סוירקל. איך האָב זיך אויך באַטייליקט פאַר די לעצטע דריי יאָר אין אייניקע ספּעציעלע צוזאַמענקונפטן, ווען עס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן די פּלענער פאַר דער געשריבענער מצבה, דער „יזכור בוך״ צום אָנדענק פון אַלע שטעטלדיקע אידן וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם.

# מיינע איבערלעבענישן

פון ליזאַ ראָזענבערג־בענדלער (ניו־יאָרק)



איך און מיין טאָכטער, ריטאַ, וואָס איז דע־מאָלט אַלט געווען 7 יאָר, זיינען געקומען קיין אַמעריקע אין 1938.

איך האָב געוואוינט מיט מיין מאַן, ע"ה, און טאָכטער אין לעמבערג, פון וואַנען מיר זיי־נען געפאָרן קיין וואַרשע נאָך אַ וויזע צום אַמע־ריקאַנער קאָנסול. מיין מאַן האָט די וויזע ניט געקראָגן, מחמת די פּוילישע קוואָטע פאַר אַמע־ריקע איז שוין דאַן געווען איבערפולט. איך מיט ריטאַן האָבן יאָ געקראָגן אַ וויזע פאַר אַ דריי מאָנאַטן וויזיט צו מיינע עלטערן, וואָס האָבן זיך שוין געפונען אין ניו־יאָרק.

מיין מאַן האָט אָבער באַדאַרפט וואַרטן צוויי יאָר צייט צו באַקומען די דערלויבעניש צו עמיגרירן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אין צווישן האָט זיך באַוויזן אויף דער וועלט־אַרענע המן־היטלער מיט זיינע נאַצישע באַנדעס, און אין 1941 איז מיין מאַן, צווישן אַנדערע, אויך פאַרכאַפּט געוואָרן, און מען האָט אים פאַרשיקט אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. צו מיין גרויס אומגליק איז ער דאָרט אומגעקומען, און במילא האָבן מיר אים קיין מאָל מער ניט געזען.

מיינע עלטערן, אהרן (זיידע) און שעווע ראָזענבערג, ע"ה, האָבן פאַרלאָזט רוסלאַנד און זיך באַזעצט אין מעקסיקאָ אין 1921.

מיין פאָטער איז דאָרט געווען צווישן די גרינדער, ווי אויך פאַרוואַלטער און לערער אין דער דאָרטיקער העברעאישער שול. זיי זיינען שפּעטער אַרי־בערגעקומען קיין אַמעריקע און זיי האָבן געוואוינט אין ניו־יאָרק פון 1927 אָן.

מיין פאָטער, אהרן ראָזענבערג (מען האָט אים גערופן זיידעלע ראָזענבערג), איז דאָ געשטאָרבן אין אָקטאָבער 1960, אין דער עלטער פון דריי און ניינציק יאָר. מיין מוטער שבע (שייווע) איז אַוועק אויף דער אמתער וועלט אין דע־צעמבער 1963, אין דעם זעלבן עלטער פון דריי און ניינציק יאָר.

מיין שוועסטער, סאָניע, איז געשטאָרבן דאָ אין אַמעריקע אין 1936. מיינע

צוויי ברידער, בערנאַרד און הערמאַן ראָזענבערג, מיט זייערע פאַמיליעס, וואוינען אין קאָלאָמביע, סאוט אַמעריקע.

אָט דאָס איז דער סך־הכל פון דער פאַמיליע, און דאָס איז דער סוף פון מענטשלעכן לעבן מיט אַלע זיינע שטרעבונגען.

עס איז ווערט צו פאַרצייכענען די וויכטיקייט פון אַרויסגעבן דעם יזכור־בוך פון הוסיאַטינער לאַנדסלייט, וואָס וועט דורך דעם געשריבענעם וואָרט פאַראייביקן דעם טראַגישן אומקום פון אונדזער אַלטער היים.

# גערַאטעוועט אַ רעוואָלוציאָנער...

## פון פאָלאַ שוואַרצבערג (ניו־יאָרק)



ס'איז געווען אַ ווינטערדיקער טאָג, דוכט זיך אין יאַנואַר. ס'האָט געשנייט. אין שטוב איז גראָד געווען וואַרעם, ווייל די מאַמע האָט געהייצט די הרובע. אין די פיר צימער־לעך האָבן זיך געפונען קיין עין הרע, זיבן קינ־דערלעך; איז געווען וואַרעם און היימלעך.

דער טאַטע אונדזערער איז געווען אַן אייער־סוחר און מאַכן אַ לעבן פאַר ניין אין דער פאַמיליע איז ניט גרינג אָנגעקומען. דער טאַטע פלעגט ס'רוב צייט זיין אין הוסיאַטין, אויף דער גאַליציאַנער זייט, ווייל ער פלעגט האַנדלען מיט עסטרייכישע און דייטשע סוחרים. יענעם אָוונט איז דער טאַטע שוין געווען אין דער היים און האָט אונדז דער־ציילט פאַרשידענע זאַכן וואָס פלעגן פאַסירן. ער איז געווען זייער אַ גוטער פאָטער.

מיר פלעגן זיך זעצן לעבן אים און ער פלעגט דערציילן מעשיות און מיר פלעגן זיך צוהערן. ער פלעגט אונדז דערציילן פונעם בעל־שם־טוב, ווי אויך שלום־עליכם־מעשהלעך. פאַר אונדז איז עס געווען אַ געוואַלדיקער פאַרגעניגן.

איין מאָל, בעת ער האָט דערציילט אַ מעשה — אַרום 10 ביינאַכט — האָבן מיר דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר און זיך אַביסל דערשראָקן. האָבן טאַטע און ברודער דוד געעפנט די טיר און ס'איז אַריינגעקומען פעטער איצע און גע־שושקעט זיך מיטן טאַטן. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז עפּעס נייעס. די מאַמע איז געוואָרן אומרואיק.

זי האָט אונדז אָנגעדייט, אַז ס'געפעלט איר ניט, וואָס מ'איז געקומען אַזוי שפּעט ביינאַכט. דער טאַטע האָט גערופן דער מאַמען און איר איינגעראָמט אַ סוד — מיר זיינען אַלע געזעסן ווי אויף שפּילקעס. עפּעס וועט פאַסירן און מיר ווייסן ניט וואָס. פּאַרטיק געוואָרן, זיינען טאַטע־מאַמע אַריינגעקומען און מ'האָט אויך אונדז דערציילט וואָס ס'איז געשען.

אונדזער אָנקל, איצע, פלעגט אַמאָל אַריבערשטעלן אַנטלאָפענע, אָדער

רעוואָלוציאָנערן פון דינסט. יענעם אָוונט האָט ער געדאַרפט אַריבערפירן אַ רעוואָלוציאָנער פון באַקו און עמעצער האָט געמסרט. זיין גאַנצע פאַמיליע איז געווען אין געפאַר, האָט ער געמוזט דעם יונגנמאַן ערגעץ אויסבאַהאַלטן און איז געקומען מיט דער בקשה, אַז אונדזער משפחה זאָל אים ראַטעווען. די מאַמע איז געווען זייער אומצופרידן דערפון; אָבער דער טאַטע, וויסנדיק די געפאַר, האָט איבערגעלאָזן דעם באַשלוס וועגן דעם צו דער גאַנצער משפחה וואָס איז געווען אין הויז.

און מיר אַלע קינדער, און דער טאַטע, האָט באַשלאָסן אַז מיר מוזן אים אַריינעמען. דריי אַזייגער ביינאַכט האָט מען אים צוגענומען פון אונדזער הויז און ער איז אַריבער די גרענעץ בשלום.

אין דער צייט וואָס ער איז געווען מיט אונדז, האָט ער אונדז דערציילט, אַז ער האָט דערשאָסן דעם גובערנאַטאָר פון באַקו, וואָרעם דער לעצטער האָט אַרעסטירט און געפייניקט הונדערטער מענטשן.

מיין יונג האַרץ האָט שטאַרק מיטגעפילט מיט דעם זייער שיינעם יונגנמאַן און מיר האָבן זיך געפילט גליקלעך, וואָס אויך מיר האָבן אים געהאָט גע־האָלפן אינעם קאַמף.

# מצבת זכרון

אין אייביקן אָנדענק פון אַלע הוסיאַטינער־פּאָדאָליער אידן, קדושים וטהורים, וואס האָבן פאַרלוירן זייערע לעבנס דורך די נאַציס און די אוקראַינישע רוצחים על קידוש השם וקידוש העם.

דער צעטל מיט די נעמען פון די אומגעבראַכטע אידן, איז צוגע־שיקט געוואָרן דורך אַ הוסיאַטינער לאַנדסמאַן אליהו ב״ר שמעון גערש־קאָוויטש (מרים גודמאַנס ברודער), וואָס געפינט זיך איצט אין דער שטאָט גאָרקי, רוסלאַנד.

ש. גערשקאָוויטש שרייבט:

„איך, אליהו ב״ר שמעון, ס׳איז אויף מיר אַ חוב פאַר די פאַר־מוטשעטע פון היטלערס נאַציס, וואָס האָבן חרוב געמאַכט אין אונדזער שטעטל אַלע אידן און איך ווייס, אַז איר גרייט צו אַ יזכור בוך בעט איך איר זאָלט אַריינשרייבן די פאָלגנדע נעמען אין דעם בוך:

זאב ב״ר אברהם טארנאראצקי, יחיאל בנו און רייזל טארנאראצקי.
סאַני ב״ר נתן מיילמאַן מיט זיינע טעכטער.
הירש ב״ר מרדכי בעקער.
הירש ב״ר יואל קארג, יואל און זעליג ב״ר הירש קארג.
ישראל יהודה ב״ר יוסף טעקטיל, לאה, יענטע, פעסע טעקטיל.
איסר ב״ר דוד בלייער, זיין פרוי גאָלדע.
ראַצע, בת ר׳ יהודה גלאַטשטיין.
בנימין בראַנפמאַן (סאַני מיילמאַנס אידעם), חייקע בת סאַני מיילמאַן, זייער טאָכטער חנה.
יאַנקל דודס.
ראובן בן יעקב בעקער, מרדכי יעקב בן אליעזר בעקער, חיים ב״ר מרדכי יעקב בעקער.
אסתר בת מרדכי יעקב מעלמאַן, צבי הירש ב״ר פייוויש מעלמאַן הלוי.
אסתר, מרדכי־יאקילס מאַן, דאָס איז פייוויש מאַלעס וגם רבקה בת צבי מעלמאַן.

שרה פוקס.

טוביה ב״ר יואל הלוי, משה ב״ר יואל עטקין, רחל בת ר׳ יואל עטקין, שרה עטקין, באבצי, יואל עטקינס פרוי.

ישראל ב״ר קארפעל, גיסי אפרים, מרדכי ב״ר ישראל שאָסטין, קארפעל ב״ר ישראל, רייזע ראַצע ב״ר ישראל שאָסטין, נאָך זיי טו איך ווייבען.

שרגא פייבוש יאַנאָווער, זיינע זין מרדכי, אריה לייב. איין אינגעלע מרדכי פייווישעס איז אַנטלאָפן פון דעם גרוב, וואו מען האָט זיי אַריינ־געוואָרפן און איז געבליבן לעבן.

מרדכי גראָסמאַן, אבע, יאַנקל אַלטערס, קלמן זיין ברודער, פיי־וויש מעלמאַן און זיינע זין דוד און פנחס.

יונה יעקב און דוד פישער. יואל, הערש דוד און איזיק לייב עטקין מיט זיין גאַנצער פאַמיליע.

אביגדור, קלמן און משה פלאָם, בעריש פלאָם, אהרן פלאָם. די טאָכטער רייזל און יהודה ב״ר יצחק איזיק פוקס, משה ב״ר יצחק איזיק פוקס, קלמן ב״ר משה פוקס, פנחס פוקס, מאַני פוקס.

אריה לייב טארנאראצקי, אַ זון דוד און אַ טאָכטער אסתר.

לייב ב״ר משה שוואַרץ, שרה די טאָכטער פון אליעזר שוואַרץ.

אהרון עפשטיין, גיטל, משה עפשטיין, שמעון עפשטיין, דאָס זיינען גיטל לייבס מיט שרה דעם פעטער אליעזרס מאַן מיט די קינדער.

יואל בלעכער, זיין זון יוסף שמוקלער און סאָסי, זיין טאָכטער.

הערש ב״ר קארפיל.

אברהם פאָטאָצקי, זיין פרוי, זון און טאָכטער.

משה זעליג שוואַרטץ, יוסף שוואַרטץ.

חיים מעלער, זיין פרוי און צוויי זין.

ישראל שטאָלצענבערג, שלום שטאָלצענבערג.

יוסף קרעמער און זיין זון מנחם מענדל.

דוד ב״ר שמעון גערשקאָוויטץ, צבי ב״ר שמעון גערשקאָוויטץ, „על אלה אני בוכיה, עיני עיני יורדה מים״

יוסף ב״ר דוד בעקער, זיין פרוי אסתר און זייער טאָכטער חנה.

משה ב״ר לייב קאָרנבליט, זיינע זין לייב און יחזקאל.

מאיר צבי ב״ר שואל דימאָנד, סאָסי, זיין טאָכטער, אלמנה פון אביגדור שיינזאָן, אירע זין אליעזר שיינזאָן און זיין פרוי שרה. די צוויי זין, מענדל און אליעזר שיינזאָן זיינען געפאַלן אין דער שלאַכט קעגן היטלערס מיליטער. בן־ציון דימאָנד, זיין זון יצחק און טאָכטער שרה.

אברהם משה הכהן גלעזער.

מרדכי ב״ר נתן הכהן בארענבוים, זיין פרוי שיינדל און זיינע זין יצחק און חיים, שרה בת ר׳ מרדכי הכהן בארענבוים.

ברײנע ראָזענבלאַט, שרה ראָזענבלאַט, איידל ראָזענבלאַט.

רבקה ראָזענבערג, אברהם ב״ר מאיר ראָזענבערג, איידל בת ר׳ מאיר ראָזענבערג.

נחמן ב״ר אַרצי בראַנד, זיין פרוי שעווע, טאָכטער רייזל, יחזקאל שוואַרץ, נחמן בראנדס איידעם.

רבקה מרגלית־דימאנד, סענדער ב״ר אביגדוד דימאנד.

שלמה צוואבאָנס טעכטער.

פנחס חיימאָוויץ.

יצחק ב״ר זאב שערער שוחט.

משה יאַסיס, יאָסל יאַסיס, יאָסל׳ס זון יצחק און טאָכטער חנה.

שלום זוסי, ר׳ אשר זעליק הכהן, זיינע טעכטער ריזל, אסתר און עטי.

ישראל יאַנקל מאַלאַמוד זיינע זין, שמואל אבע און פנחס.

מנחם מענדל דער שוחט.

אליעזר כהנא.

לייבוש מעלמאַן, זיין זון מאיר, זיין איידעם, זיין פרוי, רייזי.

לייב ב״ר פייבוש מוראַטשניק.

שרגא פייבוש מעלמאַן, זיין טאָכטער רבקה.

שרגא פייבוש מוראטשניק.

מאיר פאָליק מלמד.

וויינבלאַט, יהושע.

זאַקס, יצחק ב״ר יונה.

חיים שמוקלער, זיינע זין אברהם און ישראל.

הערש שניאור.

בערל גאָלדמאַן און פאַמיליע.

שמחה, שרה, דינה גאי.

די גאַנצע פאַמיליע סערעברעניק.

שמעון גינזבורג.

שואל וואַקס.

לייבוש דאָדי כהנ׳ס.

# באַגריסונגען און אָפּשאַצונגען

פערטער טייל

# אַ האַרציקע באַגריסונג

פון משה אַווערבוך (ניו־יאָרק)

אין אַפּריל, 1964, האָט מיין גוטער פריינד און לאַנדסמאַן, „בוקי״ (בענ־דזשאַמין) דיימאָנד פאָרגעשלאָגן — ביי אַ זיצונג פון „הוסיאַטינער־פּאָדאָליער פּרענדשיפּ סוירקל״ — אַז דער אָנדענק פון אונדזער שטעטל, וואָס עקזיסטירט ניט מער, זאָל דורך אונדז פאַראייביקט ווערן.

דער פאָרשלאָג האָט ווייטער געלויטעט, אַז מיר זאָלן, פאַר דעם צוועק, אַרויסגעבן אַ ספר זכרון, וואָס זאָל מיט זיך פאָרשטעלן אַ געשריבענע מצבה אויף די ניט־באַוואוסטע און פאַרלוירענע קברים פון אונדזערע עלטערן, ברי־דער און שוועסטער, ווי אויך פון אַלע אידן פון הוסיאַטין.

דער פאָרשלאָג האָט אויך איינגעשלאָסן דעם אָנווייז, אַז מיר זאָלן צונויפ־זאַמלען — פאַרן דערמאָנטן בוך — פאַרשידענע היסטאָרישע מאַטעריאַלן, וואָס זאָלן אויך איינצייטיק אויסגעפאָרשט ווערן און אַז עס זאָלן, אין צוגאָב, צוגע־געבן ווערן אייגענע זכרונות פון אונדזערע לאַנדסלייט פון אַמעריקע און ישראל.

ווען דער פאָרשלאָג איז צו ערשט אַרויסגעבראַכט געוואָרן, האָבן די מיטגלידער אויסגעדריקט אַ נעגאַטיווע מיינונג דערויף:

ערשטנס, ווייל די אידייע פון אַזאַ אונטערנעמונג איז נאָך פאַר אונדזערע לאַנדסלייט ניט גענוג אויפגעקלערט געוואָרן;

צווייטנס, ווייל דער פּראָיעקט איז געווען פאַרבונדן מיט גרעסערע געלט־אויסגאַבן.

כ׳האָב אָבער געפילט, אַז מיר מוזן — אונטער אַלע אומשטענדן — זיך פאַרנעמען מיט שאַפן אַזאַ מאָנומענט: וואָרעם מיר זיינען, האַלט איך, מעג־לעך דער לעצטער דור, וואָס פאַרמאָגט נאָך די געפילן, ווי די בענקשאַפט, פאַר דער אַלטער, אָרעמער אָבער זייער אינטערעסאַנטער היים — וואָס איז אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער וועלט־אַרענע, אין איינעם מיט פיל אַנדערע אידישע קהילות אין אוקראַינע.

וואָס שייך דעם דערמאָנטן יזכור־בוך פאָרשלאָג, האָט די אָנגעגעבענע זי־צונג קיין פּאָזיטיווע שטעלונג ניט אָנגענומען.

האָב איך און מיין פריינד, דיימאָנד, באַשלאָסן זיך צו ווענדן וועגן דעם ענין צו אונדזער געמיינזאַמען חבר און פריינד, אייזיק פוקס, וועלכער וואוינט איצ סי בראַיט, ניו־דזשוירזי.

פאַר דעם צוועק האָבן מיר זיך מיט אים באַגעגנט, אין זיין היים. ס׳האָט לאַנג ניט גענומען און אייזיק — אין איינעם מיט זיין פרוי, אסתר — האָבן אונדז פאַרזיכערט, אַז זיי וועלן העלפן, מיט אַלע כוחות, דעם פּלאַן צו פאַר־ווירקלעכן.

מיט דער צייט, האָבן זיך אין אונדזער ספּעציעלן יזכור־בוך־קאָמיטעט אָנגעשלאָסן:

★ גיטל גרינבערג (מאָטי פריצ׳ס טאָכטער); און איר מאַן, באָריס, וועל־כער שטאַמט פון פּראָסקוראָוו;

★ גיטלס שוועסטער, פּאָלאַ, און איר מאַן, דזשעק שוואַרצבערג;

★ נח רעזניק, ע״ה; און זיין פרוי, סימע;

★ פרומע גאַלאַנטער־לואיס, יאַנקל גאַלאַנטער און יצחק ראָזנבערג (פילאַדעלפיע, פּאַ);

★ מעכל קאַץ (ניו־יאָרק).

וואָס ווייטער, האָט זיך דער קאָמיטעט אַלץ מער פאַרברייטערט. צווישן אַנדערע, האָבן זיך אין אים אָנגעשלאָסן:

★ דאָראַ בראַנדט, וועלוול און אברהם וואַסערמאַן, לואיס לאַנסטער, טשאַרלס בראַנדט;

★ פריידע גרינאר; יונה גודמאַן, ע״ה; און מרים שניאור.

אויך פיל אַנדערע פון אונדזערע לאַנדסלייט.

אונטער דער פירערשאַפט — און דורך דער אומדערמידלעכער באַמיאונג — פון אונדזער פריינט דיימאָנד (וואָס האָט, אין לויף פון דריי יאָר צייט, גע־האַט געפאָרשט, געשריבן און רעדאַגירט דאָס דאָזיקע היסטאָריש־ליטעראַרי־שע ווערק, וואָס דער לייענער האַלט איצט אין האַנט) — איז דאָס דאָזיקע יזכור־בוך, מיט אונדזער אַלעמענס הילף, דערשינען.

פאַר אָט דעם גרויסן אויפטו קומט, צווישן אַנדערע, אַ האַרציקן יישר כוח אַלע הוסיאַטינער לאַנדסלייט, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער רעאַ־ליזירונג פונעם הוסיאַטינער יזכור־בוך.

# אַ יישר כוח

## פון דאָראַ בראַנדט (ניו־יאָרק)

(פּרעזידענט הוסיאַטינער־פּאָדאָליער פרענדשיפּ סוירקל)

אַ האַרציקן דאַנק און אַ יישר כוח צו די לאַנדסלייט בוקי דיימאָנד און משה אַווערבוך, פאַר זייער האָבן פאַרווירקלעכט דעם געדאַנק, אַרויסצוגעבן אַ געדענק־בוך פון אונדזער שטעטל, הוסיאַטין — קליין און אָרעם, אָבער אַזוי רייך אין נשמהדיקייט, שבת יום־טובדיקייט און אידישקייט.

כ׳וועל ניט פאַרלייקענען, אַז ס׳זיינען צווישן אונדז געווען סקעפּטיקער, וואָס האָבן, אין אָנהייב, געהאַט געצווייפלט אין דער מעגלעכקייט, אַז אַזאַ בוך זאָל אַרויסגעגעבן ווערן. אַ דאַנק אָבער די לאַנדסלייט דיימאָנד, פוקס און אַווערבוך, איז ס׳בוך פאַרווירקלעכט געוואָרן.

דיימאָנד, וואָס האָט בייגעטראָגן דורך זיין אומדערמידלעכער אַרבעט פון שאַפן, שרייבן, זאַמלען און צונויפשטעלן דאָס צונויפגעזאַמלטע; און

אַווערבוך, וואָס האָט געאַרבעט צו העלפן דורכפירן דעם פּראָיעקט.

צווישן די אַלע ווײ־געשרייען פון אומגעקומענע, אויסגעהרגעטע, אָפּ־געמעקטע אידישע שטעטלעך, וועט זיך אויך הערן דאָס געשריבענע וואָרט פון אונדזער שטעטל, הוסיאַטין.

אַ געדענק־בוך איז דער געבאָט פון אונדזער אַזוי אַלטער געשיכטע.

ס׳בוך אונדזערס רופט:

הער זיך צו צום שוידערלעכן יאָמער פון די שטומע שטעטלעך, וואָס דריקט־אויס דעם ווייטיק און צער פון די אייגענע און נאָענטע, וואָס האָבן — מיט אַ קללה אויף זייערע ליפּן, נאָך שרעקלעכע אוממענטשלעכע פּייני־קונגען — זייער לעצטן אָטעם אויסגעהויכט און האָבן ניט זוכה געווען אַפילו צו קומען צו קבר ישראל.

זאָלן, דורך די בלעטער פון אָט דעם יזכור־בוך, פאַראייביקט ווערן זייערע נעמען.

נאָך אַ מאָל, אַ דאַנק אַלע די, וואָס האָבן געהאָלפן אַרויסצוגעבן אָט דעם יזכור־בוך.

# באַגריסונג

## פון אייזיק און אסתר פּוקס (סי בראַיט, ניו־דזשוירזי)

מיר ווילן אויסנוצן די געלעגנהייט, איידער דער הוסיאַטינער יזכור־בוך גייט אַריין אין דרוק און איבערגעבן אונדזער האַרציקסטן דאַנק די אַלע, וועל־כע האָבן אַזוי אומדערמידלעך און איבערגעגעבן געאַרבעט, אַז דאָס דאָזיקע וויכטיקע בוך זאָל דערשיינען. מיר דאַנקען די אַלע הוסיאַטינער־פּאָדאָליער לאַנדסלייט, וואָס האָבן אָנטיילגענומען אין דער דאָזיקער וויכטיקער אונטער־נעמונג און געהאָלפן פאַרווירקלעכן דעם פּלאַן צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון אונדזער אונטערגעגאַנגען שטעטל.

בקי (בענדזשאַמין) דיימאָנד און משה אַוועַרבוך זיינען אין אָנפאַנג גע־קומען צו אונדז, אין דעם שטעטל סיבראַיט, ניו־דזשוירזי, וואו מיר האָבן אויפגעבויט אונדזער היים, און זיך באַראַטן מיט אונדז וועגן דעם פּראָיעקט. מיר האָבן זיי, נאַטירלעך, אויסגעהערט מיט דעם גרעסטן אינטערעס און זיי פאַרזיכערט, אַז מיר וועלן שטיין אין די ערשטע רייען און העלפן פינאַנציעל, און אויף אַלע אופנים, אַז די אויסגאַבע פון אונדזער יזכור־בוך זאָל פאַרווירק־לעכט ווערן מיט דעם געהעריקן דערפאָלג.

די מערסטע אידן, ווען זיי קומען פון דער אַלטער היים און באַזעצן זיך אין אַ נייַ לאַנד, זיינען כמעט דאָס גאַנצע לעבן זייערס פאַרבונדן צווישן זיך דורך די זכרונות פון דער שטאָט אָדער שטעטל, וואו זיי זיינען געבוירן גע־וואָרן און פאַרבראַכט זייערע יונגע יאָרן. דאָס געפיל פון נאָסטאַלגיע און בענקשאַפט נאָך דער אַלטער היים עקזיסטירט ביי אידן מער ווי ביי אַנדערע פעלקער, ווייל אידן זיינען געוואָרן אַ וואַנדערנדיק פאָלק זינט נאָך דעם ערשטן חורבן, שוין איבער צוויי טויזנט יאָר. און איצט, אין אונדזערע יאָרן, ווען די נאַציס, ימח שמם, די גרעסטע שונאי ישראל, האָבן אומגעבראַכט זעקס מיליאָן אידישע לעבנס און חרוב געמאַכט טויזנטער אידישע קהילות אין אַ גאַנצער ריי לענדער אין מזרח און צענטראַל־אייראָפּע, איז דאָס געפיל צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון די פאַרניכטעטע אידישע שטעטלעך און פון אונדזערע קדושים, גאָר שטאַרק ביי אונדז אַלעמען. אָט דערפאַר טאַקע זיינען מיר שטאָלץ ביז גאָר, וואָס אויך אונדז, די הוסיאַטין־פּאָדאָליער לאַנדסלייט, איז געלונגען אַרויסצוגעבן אונדזער אייגן יזכור־בוך, וואָס וועט דינען ווי אַן אייביקער מאָ־נומענט נאָך אונדזערע אייגענע מאַרטירער און נאָך אונדזער אייגן שטעטל הוסיאַטין, וואו עס האָט געבליט אַ רייך און פאַרשידנאַרטיק אידיש לעבן אין משך פון הונדערטער יאָרן.

# אַ פּאָר ווערטער וועגן אונדזער יזכור־בוך

## פון בקי (בענדזשאַמין) דיימאָנד

איך וויל דאָ זאָגן אייניקע ווערטער וועגן אונדזער יזכור־בוך, גלייבנדיק, אַז איר קוקט אַריין דערין און לייענט איצט, וואָס מיר אַלע האָבן געשריבן.

עס איז באמת אַ מערקווירדיקע געשעעניש, אַז אַזאַ קליינער קיבוץ פון הוסיאַטינער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק זאָל דאָס קענען באַוויזן דורכצופירן און אויפשטעלן אַ געשריבענעם היסטאָרישן מאָנומענט נאָך אונדזערע קרובים און שטעטלדיקע אידן, וואָס זיינען אַזוי טראַגיש אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם.

איך וויל אויסנוצן די געלעגנהייט און אויסדריקן מיין אָנערקענונג און האַרציקן דאַנק צו משה אַוועֶרבוך, איזיק און אסתר פוקס, גיטל און באָריס גרינבערג, דאָראַ בראַנדט און פאָליע און דזשעק שוואַרצבערג, פאַר זייער אומ־דערמידלעכער און איבערגעגעבענער אַרבעט צו פאַרווירקלעכן דעם געדאַנק פון דרוקן און אַרויסגעבן דעם הוסיאַטינער יזכור־בוך.

איך דענק, אַז עס איז דאָ נייטיק אָנצואווייזן, אַז משה אַווערבוך און איזיק פוקס זיינען געווען די ערשטע, וואָס האָבן זיך אָפּגערופן צו העלפן דורכ־פירן דעם פּראָיעקט.

עס קומט אויך אַ דאַנק אַלע הוסיאַטינער לאַנדסלייט, מיטגלידער פון דעם פרענדשיפּ סוירקל, וואָס האָבן זיך אַזוי וואַרעם אָפּגערופן און געהאָלפן פאַרווירקלעכן די וויכטיקע אַרבעט.

צו מיין ליבער און איבערגעגעבענער פרוי, עטי, באַלאַנגט דער גרעסטער אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט פאַר איר ענטוזיאַזם און פאַר העלפן מיר אין די אויספאָרשונגען, זאַמלען די מאַטעריאַלן פאַר דעם ווערק, אויף וועלכן מיר האָבןביידע געאַרבעט איבער דריי יאָר צייט, ביז מיר האָבן עס דערפירט צו דער איצטיקער פאָרעם און אויסגאַבע.

מיר גלייבן, אַז די מי, צייט און ענערגיע האָבן געבראַכט דעם געהעריקן דערפאָלג.

עס איז, ווי מיר ווייסן, דער איינציקער יזכור־בוך וועגן אַ שטעטל אין אוקראַינע, וואָס איז ביז איצט דערשינען אין דער אידישער און ענגלישער שפראַך. מיר האָפן און גלייבן, אַז דאָס וועט דערמעגלעכן דעם ענגליש־רעדנ־דיקן יונגן דור זיך צו באַקענען מיט דער היסטאָריע, מיט דעם לעבן און אונ־

טערגאַנג פון אונדזערע אַמאָליקע דורות אין דער אַלטער אָרעמער, אָבער גייסטיק רייכער היים.

צוליב אָט דער דאָזיקער סיבה, אַז דער יונגער דור זאָל עס לייענען, האָבן מיר זיך ספּעציעל ניט אָפּגעשטעלט נאָר אויף דער געשיכטע פון אונדזער אייגן שטעטל. מיר האָבן אויך אַרויסגעבראַכט, און אויף וויפל עס איז נאָר געווען מעגלעך, כאַראַקטעריזירט דאָס לעבן און די דראַמאַטישע היסטאָרישע געשעענישן, אין די אַנדערע אוקראַינישע שטעט און שטעטלעך, און אין אַ געוויסער מאָס אין אַלגעמיין געשילדערט דאָס אוקראַינישע אידנטום, אַלץ כדי צו שאַפן אויך אין ענגליש אַ „היימישן קוואַל" פאַרן יונגן דור, צו לייענען און שעפּן אינפאָרמאַציע.

מיר ווילן, אַז אונדזערע קינדער און קינדס קינדער זאָלן וויסן, אַז דאָס אוקראַינער אידנטום איז געשטאַנען אויף דער העכסטער מדרגה אַלס אַ סימבאָל פון טראַדיציאָנעלער אידישקייט; געשעפּט פון די אַלטע און נייע קוואַלן קולטורעלע אוצרות, און אין משך פון הונדערטער יאָרן, צוזאַמען מיט די אַנדערע אידישע ישובים פון דער וועלט, געטראָגן די גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס די אידישע געשיכטע האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט ביז צום טאָג פון זייער טראַגישן אומקום.

מיר וואונדערן זיך צי וועט נאָך אַזאַ אינטערעסאַנטער פּילפאַרביקער אידישער ישוב ווען עס איז זיך באַנייען אויף דעם אוקראַינישן באָדן אין דער צוקונפט ?

## אַ צאָל פאַקטן פון דעם אייגענעם לעבן

איך דענק, אַז עס וועט אפשר ניט זיין איבעריק צו ברענגען דאָ אייניקע ביאָגראַפישע פאַקטן פון דעם אייגענעם לעבן, ווי אויך פון מיין ליבער פרוי עטי און פון גרויסן פאַרמעגן — אונדזערע צוויי טייערע און גראָטענע קינדער — אַ זון און אַ טאָכטער.

אָפט מאָל דערוויסט מען זיך פון די אויטאָביאָגראַפישע פאַקטן פון אַ פאַמיליע אַ סך איינצלהייטן, וואָס העלפן זען און פאַרשטייען אַ גאַנצע עפּאָכע, אַ גאַנצן פעריאָד אין דער געשיכטע פון אַ גאַנץ פאָלק.

איך בין דער זון פון ר' מאיר הירש דימאָנד, ע"ה, פון הוסיאַטין, פּאָדאָליער גובערניע, אַן אייניקל פון ר' שואל דימאָנד, ז"ל. מיין פאָטער איז געווען דער עלטסטער זון ביי מיין זיידן. ווי עס האָט זיך געפירט אין יענע צייטן, איז ער געווען אַ שותף צוזאַמען מיט זיין פאָטער, און ביידע האָבן זיי געפירט גאָר גרויסע געשעפטן. מיין טאַטע האָט געקענט גוט לערנען און איז אויך געווען נאָענט באַקאַנט מיט דער מאָדערנער אידישער און העברעאישער ליטעראַטור.

ער האָט אונדז, די קינדער, געגעבן די ברייטסטע מעגלעכקייטן צום לערנען די אידישע טראַדיציאָנעלע, נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע קענטעניש, און

איבערהויפּט דאָס שטודירן די רייכע ליטעראַטור פון דער השכלה־עפּאָכע אין דער העברעאישער, אידישער, רוסישער, דייטשער און פּוילישע שפּראַכן. אין לעבן פון אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק איז דאָס געווען אַ וויכטיקע דערגריי־כונג. מיר האָבן אָנגעזאַמלט אַ רייכע ביבליאָטעק פון אַלע וועלט־טיילן וואָס איז געווען די אינטערעסאַנטסטע אין יענעם געגנט. אָבער דאָס אַלץ איז פאַר־ניכטעט געוואָרן אין דער צייט פון גירוש הוסיאַטין, און אין די שפּעטערדיקע יאָרן ווען מיר האָבן געוואַנדערט פון איין פּלאַץ צום צווייטן.

אַלע קינדער האָבן גאָר אַ סך געלייענט און פון לייענען גאָר אַ סך האָט מען מיך פון מיין קינדהייט אָן אָנגעהויבן צו רופן מיטן צונאָמען „בקי" — מסתמא פון „בקי בספר". און אַזוי ביז היינט־צו־טאָג, סיי ביי מיין הויזגעזינט, סיי ביי דער גאַנצער משפחה בין איך באַקאַנט מיטן נאָמען בקי (בוקי), כאָטש מיין אמתער נאָמען איז: ברוך און אין קאַנאַדע האָט מען מיך גאָר אָנגעהויבן צו רופן מיטן ענגלישן נאָמען: בענדזשאַמין.

מיין מוטער אסתר, ע"ה, איז געווען די טאָכטער פון הרב משולם־זוסי הירשהאָרן דק"ק סאַטאַנאָוו, פּאָדאָליער גובערניע, וועלכער איז געווען באַ־וואוסט אַלס אַ גדול בתורה און חכמה, און איז געווען דער פאַרפאַסער פון אַ באַוואוסטן אין יענער צייט ספר „שאלות ותשובות", וואָס איז דערשינען אין לעמבערג אַרום יאָר 1890.

מיין מוטערס ברודער איז געווען הרב סענדער הירשהאָרן, הרב הגאון ומפורסם אין מאָראָווינע־קרוליוויץ, נעבן מאָגילאָוו־פּאָדאָלסק, און אין די לעצטע יאָרן האָט ער פאַרנומען דעם כסא הרבנות אין דער גרויסער אידישער שטאָט באַרדיטשעוו, וואו ער איז אומגעקומען צוזאַמען מיט זיין טאָכטער און איר פאַמיליע אין דער צייט, ווען היטלער, ימח שמו, האָט אומגעבראַכט דאָס אוקראַינישע אידנטום. הרב סענדער הירשהאָרן, זצ"ל, איז געווען באַקאַנט אַלס אַ וויכטיקער רעליגיעזער מנהיג, אויסטייטשער פון אידישע דינים און מנהגים און אַ באַוואוסטער קענער אין תלמוד און קבלה. זיין עלטסטער זון, הרב יהושע הלוי הירשהאָרן, וואוינט אין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע, וואו ער איז פאַר אַ לענגערער צייט געווען דער גייסטיקער פירער פון דער דאָרטיקער גרויסער רומענישער שול. אויך האָט ער פאַרנומען דעם אַמט פון רב הכולל פון דעם אָרטאָדאָקסיש־רעליגיעזן ראַביניאַט אין מאָנטרעאָל. ער איז דער פאַר־פאַסער און אַרויסגעבער פון אַ וויכטיקן ספר „ממעיני הישועה", אַ פילאָזאָ־פיש־טעאָלאָגיש ווערק פון די דינים פון תלמוד, פאַר וועלכן ער האָט באַקומען די הסכמה פון דעם וועלט־באַרימטן ווילנער רב און געלערנטן, חיים עוזר גראָדזענסקי.

מיין זיידע, שאול דימאָנד, איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע סוחרים אין שטעטל; אַ בעל תורה, אויף וועמענס טיש עס איז שטענדיק געלעגן אַ אָפּענער ספר און ער האָט אויסגענוצט יעדן מעגלעכן מאָמענט צו פאַרטראַכטן זיך אין לערנען.

איך דערמאָן זיך אין אַן עפּיזאָד אין דער צייט ווען אין שטעטל האָט זיך

באַזעצט אַ בולגאַר, וועלכער האָט געפּלאַנצט און אַנטוויקלט דעם פּאַרקויף פון פּאַטלעזשאַנעס (טאָמייטאָס). דאָס איז געווען אַ נייער פּראָדוקט אין שטעטל.

שמעון פרידמאַן ז״ל, אַן אָנגעזעענער אײנוואוינער פון הוסיאַטין, אָבער ניט קיין קרוב פון דער ריזשינער גזע — די פרידמאַנס, איז געווען אַ שטענ־דיקער אַרײנגייער אין מיין זיידנס הויז. זיי פלעגן ביי דער נאַכט זיך פּילפּולן און פאַרשן אידישע דינים, און זיי זיינען קיין מאָל ניט געווען זיכער צי זיי היטן אָפּ אַלע תרי״ג מצוות וואָס אַ איד איז מחויב אָפּצוהיטן. צווישן אַנדערס איז אויך אויפגעשוואומען ביי זיי די שאלה, צי טאָמייטאָס זיינען כשר צום עסן אָדער גאָר, חלילה, טריפה. נאָך לאַנגע חקירות האָבן זיי ביידע באַשלאָסן, אַז זיי וועלן דאָס ניט עסן, אָבער אויב די קינדער ווילן דאָס פאַרזוכן, מעגן זיי דאָס אַרײנברענגען אין הויז אַריין.

דער זיידע שואל איז געשטאָרבן אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער האָט די גאַנצע שטורמישע מלחמה־צייט איבערגעלעבט אין שטעטל און איז קיין מאָל פון דאָרט ניט אַנטלאָפן. ער איז געשטאָרבן אין הוסיאַטין אין יאָר 1916.

די באָבע האָדי האָט אים געפונען טויט אין אַ שבת אינדערפרי אָנגעלענט מיט זיין קאָפּ אויף דער גמרא. מיין מוטער אסתר איז געשטאָרבן אין 1921. מיין פאָטער און מיין שוועסטער סאָסי זיינען אומגעקומען אין הוסיאַטין מיט אַלע אַנדערע אידן אין די יאָרן 1942/43 דורך היטלערס מערדערס.

סאָסיס צוויי זין, וואָס זיינען געווען די קינדער פון איר פאַרשטאָרבענעם מאַן, אביגדור שיינזאָן (דאָדי כהנס) זיינען פאַרלוירן געגאַנגען אויף די שלאַכט־פעלדער מיט דער רוסישער אַרמיי אין דער צווייטער וועלט־מלחמה.

עטיס פאָטער, ר׳ לייבוש חכם, האָט געשטאַמט פון סמאָטריטש, פּאָדאָליער גובערניע, וואו ער איז געווען דער אייגנטימער פון אַ גרויסער מיל.

ער מיט זיין פאַמיליע זיינען געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן געגרינ־דעט דעם הילפס־קאָמיטעט, ווען מען האָט אונדז אַרויסגעטריבן פון הוסיאַטין. זיי האָבן אַ לענגערע צייט אַרויסגעהאָלפן די הוסיאַטינער לאַנדסלייט וואָס האָבן זיך באַזעצט אין סמאָטריטש מיט וואוינונגען און מיט אַלע אַנדערע נויט־װענדיקייטן. די גאַנצע פאַמיליע האָט אין יאָר 1928 אויסגעוואַנדערט קיין קאַ־נאַדע, וואו ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1940.

ר׳ לייבוש חכם איז געווען אַן איבערגעגעבענער טשאָרטקאָווער חסיד. ער פלעגט פאָרן זייער אָפט צום טשאָרטקאָווער רבין, וואָס האָט געצויגן זיין יחוס פון די ריזשינער רביים און ער האָט אין יענע צייטן געהאַט אַ גרויסע צאָל חסידים פון דער אַרומיקער אידישער וועלט.

דער טשאָרטקאָווער רבי, זצ״ל, האָט פאַרזיכערט ר׳ לייבושן, אַז ווי לאַנג ער וועט לעבן, וועט ביי אים קיין קינד פון זיין פאַמיליע, חלילה ניט שטאַרבן. און עס איז טאַקע אַזוי מקוים געוואָרן.

דער עלטסטער זון, משה חכם, ע״ה, האָט געוואוינט אין ניו־יאָרק. ער איז געווען פאַררעכנט פאַר אַ קענער אין דער העברעאישער און אידישער

ליטעראַטור, און האָט אַרויסגעגעבן איניקע שריפטן, צווישן זיי — אַ בוך וועגן זיינע איבערלעבונגען אין רוסלאַנד. דאָס בוך האָט געהייסן: „מלחמה און רעוואָלוציע". מ. חכם איז אויך געווען אַן אַקטיווער ציוניסטישער טוער און, וואוינענדיק אין אָדעס, פלעגט ער זיך אָפט טרעפן מיט די „חכמי אָדעסא", ווי חיים נחמן ביאַליק, ד"ר יוסף קלויזנער און מנחם מענדל אוסישקין. שפּעטער, אין ניו־יאָרק, איז ער געוואָרן אַן אַקטיווער מיטגליד פון דער רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג. ער איז געווען פריידע מאדריקס מאַן, און איז געשטאָרבן אין יאָר 1963. משה חכם איז געווען אַ ברודער פון מיין פרוי עטי. אירע צוויי אַנדערע ברידער, וואָס זיינען פאַרבליבן אין מאָסקווע, זיינען שוין אויך אויף דעם עולם האמת. אין מאָנטרעאל וואוינען אירע דריי אַנדערע ברידער און אַ שוועסטער מיט זייערע פאַמיליעס.

אין די יאָרן 1921/22, האָב איך מיט מיין פרוי און אונדזער זון, וואָס איז דעמאָלט אין גאַנצן אַלט געווען צוויי מאָנאַטן, געוואוינט אין הוסיאַטין, אָבער ווי מיר האָבן שוין דאָ פאַרנאָטירט, איז דאָס שטעטל געווען אין אַ חרובן צושטאַנד און מיר האָבן בשלאָסן צו פאַרלאָזן די אַלטע היים און קיין מאָל אַהין זיך ניט אומגעקערט.

ניט קוקנדיק דערויף וואָס מיר האָבן ערשט פאַרלאָזט רוסלאַנד אין יאַנואַר 1930, האָבן מיר אָבער געהאַט אַ מעגלעכקייט צו עמיגרירן פיל פריער, ווייל אין יענער צייט האָט אַ גרויסע צאָל אידן פאַרלאָזט אוקראַינע און עמיגרירט וואו נאָר מעגלעך. אונדזער שיקזאַל האָט אָבער געפירט אין גאָר אַן אַנדער ריכטונג. די הויפּט סיבה פון אונדזער פאַרבלייבן לענגער אין רוסלאַנד איז געווען, וואָס מיין מוטער אסתר, ע"ה, איז געשטאָרבן און מיין פאָטער איז געבליבן צוזאַמען מיט מיין שוועסטער סאָסי, ע"ה, און אירע קליינע קינדער, אַן וועלכן עס איז מאַטעריעלן באַדן, פאַר זייער ווייטערדיקער עקזיסטענץ. די אַלטע פּרנסות זיינען אונטערגעגאַנגען און עס זיינען געווען שוואַכע אויסזיכטן, אַז זיי וועלן זיך קענען איינאָרדענען אין דער באַלשעוויסטישער אַטמאָספערע.

מיין ברודער לייבוש, ע"ה, האָט פאַרלאָזט מיט זיין פרוי די היים אין יאָר 1920, אויף דעם וועג קיין טשילי, דרום־אַמעריקע. מיר האָבן צוליב די אַלע אויבנדערמאָנטע אורזאַכן באַשלאָסן בלייבן ניט ווייט פון אונדזער געגנט און פּרובירן דאָס מזל אין אַלטן רוסלאַנד.

נאָך שווערע מאַטערנישן האָב איך אין 1923 געקראָגן אַ שטעלע ביי דער סאָוועטישער רעגירונג און איך בין געווען כמעט דער אָנפאַנגער פון באַנייען דעם עקספּאָרט פון אייער און אַנדערע פּראָדוקטן פון דער אוקראַינע קיין עסטרייך און דייטשלאַנד.

דער ערשטער פּלאַץ איז געווען קאַמענעץ־פּאָדאָלסק, און נאָך דעם אויך פּראָסקוראָוו, מאָגילאָוו־פּאָדאָלסק, וואָלאָטשיסק, שעפּעטאָווקע, וויניצע, קיעוו, קאָפּיאַנסק, כאַרקאָוו, מאָסקווע און ביי דער ענדע אויך סאַראַטאָוו (צענטראַל־רוסלאַנד).

עס איז אפשר ניט פּאַסיק זיך אַליין צו לויבן, אָבער עס איז געווען אַ נס, און איך האָב געשפּאַנט אויף דעם לייטער פון גרויסן דערפּאָלג מיט שנעלע טריט, און האָב מיטגעשלעפּט מיט זיך אַ גאַנצע רייע הוסיאַטינער מענטשן, וואָס זיינען געקומען און איך האָב זיי איינגעאָרדנט ביי דער אַרבעט אין פאַר־שידענע פלעצער.

ניט זייענדיק קיין קאָמוניסט האָב איך דווקא באַוויזן צו קריגן דעם צוטרוי פון די געהעריקע מלוכהשע אַנשטאַלטן און פאַרנומען אַ פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָזיציע אין דעם סאָוועטישן האַנדל מיט אויסלאַנד ביים עקספּאָרטירן פאַר־שידענע אַגריקולטורעלע פּראָדוקטן (לאָמיך דאָ באַמערקן, אַז וועגן מיינע צען יאָר אַרבעט ביי דער סאָוועטישער רעגירונג, שרייב איך איצט אַ באַ־זונדערן בוך).

וואָס מער איך האָב דערגרייכט מיט מיין אַרבעט ביי די סאָוועטן, אַלץ אין אַ גרעסערן פּחד זיינען מיר אַריינגעפאַלן, ווייל דאָרט האָט זיך געפירט, אַז אין אַ שלעכטן פּאָליטישן אָדער עקאָנאָמישן מאָמענט, איז מען אַראָפּגעפאַלן פון די הויכע שטיגן און אין בעסטן אופן פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר אָדער אין די ווייטע קאַלטע סאָלאָוועטצקי אינדזלען פון וואַנען אַ סך אַזוינע ווי איך, הויכע באַאַמטע, האָבן זיך שוין מער קיין מאָל ניט אומגעקערט.

אין 1929, וואוינענדיק מיט מיין פאַמיליע אין סאַראַטאָוו, האָבן מיר באַ־שלאָסן פאַרלאָזן רוסלאַנד און געפינען אַן אויסוועג אַרויסצופאָרן פון דאָרט אויף אַ לעגאַלן אופן.

מיין פרויס עלטערן האָבן זיך שוין געפונען אין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע, און זיי האָבן אונדז באַזאָרגט מיט אַ וויזע און אַנדערע נויטיקייטן צו קומען צו זיי. עס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ גרויסע סכנה צו פאַרנעמען אַ פאַראַנט־וואָרטלעכע שטעלע, און אין דער זעלבער צייט זוכן אַ מעגלעכקייט צו פאַר־לאָזן דאָס לאַנד. אָבער ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, זיינען מיינע רעקאָרדס געווען אין דער בעסטער אָרדענונג און מיר האָבן געקראָגן פּאַספּאָרטן אַרויס־צופאָרן קיין קאַנאַדע. אונדזער רייזע האָט געטראָגן אַ כאַראַקטער פון אַ וויזיט צו אונדזערע עלטערן, און עס איז לויט דעם געזעץ, געווען מעגלעך זיך אומ־צוקערן אין משך פון איין יאָר צוריק קיין רוסלאַנד.

מיר האָבן פאַרנאַטירט דעם גאַנצן ענין צוליב דעם וואָס דעמאָלט איז שוין די עמיגראַציע פון רוסלאַנד געווען געשלאָסן. מיר זיינען געפאָרן מיט דער באַן דורך דער לאַטווישער גרענעץ קיין ריגע, אָבער קיין אַנדערע ציווילע מענטשן אויסער אונדז האָבן זיך דאָרט ניט געפונען.

אָט אַזוי האָבן מיר מיט מורא אין האַרצן און מיט אַ פאַרדרוס פאַרלאָזט די אַלטע טראַגישע היים און אַפילו ניט געהאַט די מעגלעכקייט זיך פערזענלעך צו געזעגענען מיט מיין פאָטער, שוועסטער, אירע קינדער און מיט דער גאַנ־צער משפּחה, וואָס אַ גרויסער טייל פון זיי האָבן זיך נאָך געפונען אין הוסיאַטין.

אין פעברואַר, 1930, זיינען מיר אָנגעקומען אין דער פרייער וועלט קיין מאָנטרעאַל, און געטראָפן אַ שווערן עקאָנאָמישן קריזיס. עס איז געווען די

צייט, ווען וואָל־סטריט האָט באַנקראָטירט און נעכטיקע רייכע מענטשן אין אַמעריקע, ווי אויך אין קאַנאַדע, זיינען איבער נאַכט פאַראָרעמט געוואָרן.

צו זאָגן דעם אמת, האָבן מיר זיך געפונען אין אַזאַ פאַרצווייפלטער לאַגע, אַז מיר האָבן אַפילו געשריבן אַ בריוו קיין סאָראַטאָוו, אַז מיר ווילן זיך אין גיכן אומקערן.

אָבער די נאַטור פון מענטשן איז זיך צוגעוואוינען צו פאַרשידענע מינים שוועריקייטן. און גאַנץ שנעל האָב איך אויך געקראָגן אַרבעט און מיר האָבן זיך לאַנגזאַם אָנגעהויבן איינצואָרדענען.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן בין איך געווען באַשעפטיקט ביי פאַרשידענע נאַציאָנאַלע און לאָקאַלע אידישע אָרגאַניזאַציעס. אַ צייט לאַנג בין איך געווען פאַרבונדן מיט דעם קאַנאַדער אידישן קאָנגרעס. איך האָב פאַרנומען דעם אַמט פון עקזעקוטיוו־דירעקטאָר פון דעם פאַרבאַנד פון פּוילישע אידן אין קאַנאַדע. שפּעטער בין איך געווען קאַמפּיין־מענעדזשער ביים בויען אַ שיינעם אידישן האָספּיטאַל פון אומהיילבאַרע. נאָך דעם בין איך געווען דער דירעקטאָר פון אויפבויען אַ נייע פּרץ־שול.

איך בין אויך געווען גאַנץ אַקטיוו אין דעם אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין קאַנאַדע. איך האָב געהאַט דעם כבוד דערוויילט צו ווערן פאַר פיר יאָר צייט אַלס פּרעזידענט פון דער רוסיש־פּוילישער געזעלשאַפט, וועלכע איז באַשטאַנען אין יענער צייט פון אַ מיטגלידערשאַפט פון פיר הונדערט און אַכציק פאַמיליעס. איך האָב אויך פאַרנומען אַ בכבודיקן פּלאַץ אין דעם דירעקטאָרן־ראַט פון אידישן קאָנגרעס, געווען פינאַנץ־סעקרעטאַר פון דעם הסתדרות־קאַמפּיין. מיט איין וואָרט — אַ ריכטיקער קהלשער מענטש. איין זאַך האָבן מיר אָבער ניט באַוויזן צו פאַרווירקלעכן, און דאָס איז, צו זאַמלען געלט פאַר זיך אַליין, און דאָס איז אפשר דער גרעסטער חסרון אין די אַמעריקאַנער לענדער.

אין ניו־יאָרק האָבן מיר זיך באַזעצט אין יאָר 1958 און איך בין זינט דאַן פאַרבונדן מיט דעם פאַראייניקטן אידישן אַפּיל, וואו איך אַרבעט נאָך איצט אין אַ קלענערער מאָס.

און פאַר די לעצטע פּאָר יאָר, ווי איר ווייסט שוין אַליין, ווי אויך פון די באַשרייבונגען פון משה אַווערבוך און פון אונדזער פּרעזידענטין דאָראַ בראַנדט, בין איך געווען פאַרנומען מיט פאָרשן, זאַמלען און שרייבן אונדזער יזכור־בוך, וואָס וועט, האָפנטלעך, דינען ווי אַ קוואַל פון אינפאָרמאַציע וועגן אידישן לעבן אין דער אַמאָליקער אוקראַינע בכלל און פון אונדזער באַליבטן היים־שטעטל, הוסיאַטין, בפרט.

## די פאָלגנדע הוסיאַטינער־פּאָדאָליער לאַנדסלייט האָבן פינאַנציעל געהאָלפן אין דער דערשיינונג פון דעם יזכור־בוך פון אונדזער שטעטל:

משה אווערבוך
דאָרא בראַנדט
טשאַרלס בראַנדט
ליזע בענדלער
באָריס גרינבערג
יאַנקל גאַלאַנטער, פילאַדעלפיע
פרומע גאַלאַנטער, פילאַדעלפיע
לואי גראָסמאַן, באַלטימאָר
פריידע געינאָר
נייטען גאָלדמאַן
יונה גודמאַן
יענטע גראָסמאַן
איצי געינאָר
בקי דיימאָנד
נפתלי דיימאָנד
ניסן דיימאָנד, ניו־דזשוירזי
מרס ד. דשייקאָבסאָן
סעם לעוויטעס, פילאַדעלפיע
הרב יהושע הירשהאָרן, מאנטרעאל
אברהם וואַסערמאַן
וועלוול וואַסערמאַן

סעם האפרעכטער, פילאַדעלפיע
פאַני וואַסערמאַן
לואיס לאנסטער
בערל לאַנגער
מאָו לעוואנדער
הערי סאַדאַגאָר
הערש עלקעס
אייזיק פוקס
נתן פוקס
שיקע פוקס
אַבראַשע פריייליך
מעכל קאַטץ
סעם קליין
בערטא קארען, ע״ה
יצחק ראָזענבערג, פילאַדעלפיע
לואי רובינשטיין
נח רעזניק, ע״ה
מערי שניאור
דזשעק שוואַרצבערג
רחל שעגרין, ע״ה
מרס. ד. שער.

דזש. שוכהאַלטער (ניו־דזשוירזי)

# בילדער פון הוסיאַטין

**פינפטער טייל**

די שוהל, דאָס צייל־הויז, אַ חדר. — דער הוסיאַטינער רבי. — אָנגעזעענע אידן און אידן פון אַ גאַנץ יאָר. — זין פון הוסיאַטינער אידן אין דער אַרמיי. — הוסיאַטינער אידן אומגעבראַכט דורך די נאַציס. — הוסיאַטינער לאַנדסלייט אין אַמעריקע און ישראל. —

# דער הוסיאַטינער רבי, זצ״ל



הרב ר׳ ישראל פרידמאַן, זצ״ל, באַרימט אין דער ברייטער וועלט אַלס דער הוסיאַטינער רבי, איז נפטר געוואָרן אין ישראל אין עלטער פון 92 יאָר. הרב ישראל פרידמאַן, פון הוסיאַטין, גאַליציע, האָט אָפּגעשטאַמט פון דער ריזשינער גזע, אין אוקראַינע, וואָס האָט זיך שפּעטער אויסגעשפּרייט איבער גאַליציע מיט אַ נאָכפאָלגערשאַפט פון פילע טויזנטער חסידים.



ר׳ יצחק מאיר העשעל, האדמו״ר מקופיציניץ זצ״ל, דער קופיטשעניצער רבי



הרב ר׳ יעקב פרידמאַן, אַדמו״ר פון שטעטל בוהוש און פון הוסיאַטין, דער איידעם פון הוסיאַטינער רבי׳ן, איצט אין ישראל.

## באַרימטער רב, וועמען די נאַציס האָבן אומגעבראַכט



**הרב ר׳ סענדער הירשהאָרן, זצ״ל**

הרב הגדול והמפורסם, ר׳ סענדער הירשהאָרן, איז געווען רב אין קרילאָוויץ, פּאָדאָליע, און אין באַרדיטשעוו. די נאַציס האָבן אים אומגעבראַכט צוזאַמען מיט זיין טאָכטער און איר פאַמיליע אין 1941—1942. הרב סענדער הירשהאָרן איז געווען דער זון פון הרב משולם זוסי מסאַטאַנאָוו זצ״ל, און דער ברודער פון אסתר דיימאָנד.



הרב הגאון יהושע הלוי הירשהאָרן, ב״ר הרב סענדער הירשהאָרן ז״ל (אסתר דיימאָנדס ברודערס זון), יושב ראש פון ועד הרבנים אין מאָנטרעאַל, קאַנאַדע, און געוועזענער מנהיג רוחני פון דער רומענישער שוהל. אַ תלמיד חכם און דער אַרויסגעבער פון אַ וויכטיקן ספר „ממעיני הישועה״, אַן אויסטייטשונג פון דינים און מנהגים, וואָס איז ערשינען אין 1959 אין מאָנטרעאַל.

## זון פון הוסיאַטינער אידן געפאַלן אין קאַמף קעגן די נאַציס



סימאָר שניאור, דער זון פון ווילי און מערי שניאור, האָט פאַרלוירן זיין לעבן אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי, אין דער צווייטער וועלט מלחמה, אין 1942, אין עלטער פון 20 יאָר.

## גרויסע שוהל אין הוסיאַטין (גאַליציע), פאַרניכטעט אין ערשטער וועלט מלחמה




די גרויסע שוהל אין הוסיאַטין (גאַליציע), געבויט אין 17טן יאָרהונדערט. פאַרניכטעט ביים אָנהויב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין 1915, דורך דעם צאַרישן מיליטער, ביים אַריינדרינגען אין גאַליציע.

## צוויי הוסיאַטינער אידישע רויט־אַרמייער, געפאַלן אין קאַמף קעגן די נאַצים אין צווייטן וועלט־קריג



מענדעל שיינזאַהן, ע״ה

**לזכר נצח**

סאַסי דיימאַנד־שיינזאַהן (טאָכטער פון מאיר הירש און אסתר דיימאַנד), אומ־געבראַכט צווישן די יאָרן 1943—1941 דורך היטלער׳ס מערדער אין עלטער פון 50 יאָר. איר מאַן, אַביגדור שיינזאַהן (דאַדי כהנ׳ס זון) איז געשטאָרבן אין הוסיאַטין אין 1912 אין עלטער פון 26 יאָר. מענדל און אליעזר שיינזאַהן זיינען געווען זייערע ביידנס זין.



אליעזר שיינזאַהן, ע״ה

זיינען אומגעקומען אין זייער בליהענדער יוגנט אין דער רוסישער אַרמיי אין קאַמף מיט היטלער׳ס רוצחים ביים אָנהויב פון דער צווייטער וועלט מלחמה.



**זלמן שוואַרץ ע״ה**

(פאָטער פֿון פעפּי אַווערבוך)

געשטאָרבן אין קאָפּיטשיניץ, אין 1935, אין עלטער פון 69 יאָר.



**רחל שוואַרץ ע״ה**

(מוטער פֿון פעפּי אַווערבוך)

אומגעקומען אין לעמבערג, אין היטלערס צייטן, אין יאָר 1942, אין עלטער פון 65 יאָר.



**טאָנצי שוואַרץ ע״ה**

זייער טאָכטער, אומגעקומען צוזאַמען מיט דער מוטער אין לעמבערג, אין עלטער פון 34 יאָר.



**יצחק (איצי) אברהם שוואַרץ ע״ה**

זייער זון, געפאַלן אין שלאַכט קעגן די נאַציס אַלס זעלנער פֿון דער פּוילישער אַרמיי, אין עלטער פון 26 יאָר.



בערנאַרד שעהר ע״ה, שאָנצי׳ס זון, געשטאָרבן אין עלטער פֿון 22 יאָר אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי אין צייט פון דער צווייטער וועלט מלחמה.



שאָנצי יעקב בערס מאַן, סעם שעהר ע״ל, איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין 1963 אין עלטער פון 76 יאָר.



בעסי גאָלדבערג ע״ה, שאָנצי יעקב בערס טאָכטער, געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין 1963, אין עלטער פון 39 יאָר.



איסער בלייער מיט זיין פרוי ע״ה, אומגעקומען אין קאַמענעץ פּאָדאָלסק אין היטלערס צייטן. זי איז געווען יודעלע שניידער׳ס טאָכטער.

## אומגעקומען על קידוש השם צוזאַמען מיט די אַנדערע אידן אין הוסיאַטין, פּאָדאָליער גובערניע



ר׳ מאיר הירש בה״ר שאול דיימאַנד, ז״ל, דער גאָטזעליקער פאָטער פון בקי (בענדזשאַמין) דיימאַנד, וועלכער איז אומגעבראַכט געוואָרן על קידוש השם צוזאַמען מיט טויזנטער אידן פון הוסיאַטין, דורך די נאַצים, ימח שמם, אין די יאָרן 1941—1943, אין עלטער פון 73 יאָר. צוזאַמען מיט ר׳ מאיר הירש דיימאַנד איז אויך אומגעבראַכט געוואָרן זיין טאָכטער, סאָסי.

אסתר דיימאַנד, ע״ה, בת הרב משולם זיסי הירשהאָרן, זצ״ל מסאטאנאָוו, מוטער פון בקי דיימאַנד, געשטאָרבן אין הוסיאַטין, אין 1921, אין עלטער פון 52 יאָר.

שלום הירשהאָרן (אסתר דיימאַנד׳ס ברודער), אומגעקומען אין 1918—1920, ווען פעטליוראַ׳ס באַנדיטן האָבן געמאַכט אַ פּאָגראָם אויף די אידן אין קיעוו.







ר׳ שמואל ב״ר זיידע אַוערבוך, אַ אָנגעזעענער סוחר און הויפּט פון די טאַמאַזשנע־קאָמיסיאָנערן אין הוסיאַטין, פּאָדאָליער גובערניע, איז פאַרשיקט געוואָרן פון דער צאַרישער רעגירונג דורך אַ בלבול קיין סיביר אין 1915, און איז געשטאָרבן אין וויאַטקע (סיביר), אין 1917, אין עלטער פון 47 יאָר. 2. ראָזע אַוערבוך, בת הר׳ שמואל און לייקע אַוערבוך ע״ה, איז געשטאָרבן אין מינקאָוועץ, פּאָדאָליער גובערניע, אין 1915, אין עלטער פון 22 יאָר.

3. לייקע אַוערבוך ע״ה, איז געשטאָרבן אין האַוואַנע, קובאַ, אין 1955, אין עלטער פון 77 יאָר.

משה אַוערבוכ׳ס עלטערן און שוועסטער.





די עלטערן פון אייזיק פוקס: ר׳ ישראל ב״ר שלמה פוקס, געשטאָרבן אין הוסיאַטין, פּאָדאָליער גובערניע, אין 1922, אין עלטער פון 54 יאָר. חנה פוקס, די פרוי פון ישראל פוקס, געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין עלטער פון 84.

## טאָכטער פון הוסיאַטינער אידן, העלדין פון ישראל לופט־פלאָט




חיה טאַרנאַר ז״ל, טאָכטער פון אברהם און לאה טאַרנאַראַדסקע, געבוירן געוואָרן אין 1930, אין תל־אביב. געשטאָרבן אין מערץ, 1966, אין סאַן פראַנציסקאָ, איבערלאָזנדיק איר מאַן און צוויי קינדער. די עלטערן האָבן דעם אָרון אַריבערגעפירט קיין ישראל, וואו זי איז באַערדיקט געוואָרן. חיה טאַרנאַר, ע״ה, האָט פאַרנומען זייער וויכטיקע פאָזיציעס אין די באַוואָפנטע קרעפטן פון ישראל, איז געשיקט געוואָרן פון דער ישראל רעגירונג אויסצופילן פאַר־שידענע מיסיעס אין אויסלאַנד, און אין איר קורצן לעבן פיל בייגעטראָגן צו דער באַפרייאונג און אויפבוי פון דעם אידישן היימלאַנד. שלום לעפרה!

## יצחק (איזידור) ישפה

רופא ותיק במקצועו, עדין־נפש ואציל־רוח, נוח לבריות ומסור ביותר לחוליו. בכל מקום שעבד כיבדוהו והעריצוהו, וביחוד במקום עבודתו האחרון בראשון־לציון.

נולד ב־1891 בעיירת הוסיאטין בבית יהודי מסורתי אשר שימש בית־ועד ל„לומדים" במקום. באווירה זו ספג הרבה מן התודעה היהודית אשר הביאתהו לארץ חרף כל היתרונות והנוחות שנתנו לו מקצועו ועבודתו בנכר. הוא התחיל את לימודו ב„חדר", אך היה גם מהראשונים אשר קיבלו השכלה כללית נרחבת. את הגימנסיה גמר בטרנופול והמשיך בפאקולטה לרפואה שליד האוניברסיטה בלבוב. על אף שיבושי המלחמה הצליח להשתלם במקצועו בדיסלדורף שבגרמניה, חזר לעיר הולדתו, נכנס לעבודה כרופא ורכש מיד את אהבתם ואמונם של כל אשר באו עמו במגע ובמיוחד



של אלה שנהנו מטיפולו המסור. הוא התחבב עד כדי כך, שאחדים מתושבי הכפרים לקחוהו עם משפחתו תחת חסותם, החביאום וכלכלום על חשבונם בכל תקופת שהות הגרמנים בעיירה על אף הסכנה שבדבר. כשנכבשו מקומות אלה על ידי ברית המועצות עקר עם משפחתו לשלזיה התחתית שסופחה לפולין ועם הגל הראשון של העולים האקדמאים עלה עם משפחתו (גם בתו היחידה רופאה וחתנו כלכלן נודע) לארץ ב־1958, התיישב בראשון־לציון ועבד באחת המרפאות של קופ"ח הכללית עד שעבר לפני זמן־מה לגור בחולון.

על אף גילו תיכנן להמשיך בעבודתו (ולו חלקית). והנה בא המות וחטפו לאחר מחלה קצרה, ב־3 באוגוסט בבית החולים „אסף הרופא". בהלווייתו השתתפו רבים מחוליו ובני־עירו מכל הארץ.

**א. ב.**

הוסיאַטינער משכילים און חובבי ציון



שמואל פרידמאַן



אברהמטשיק פרידמאַן



דוד בלינדער

געשטאָרבן אין ישראל און אין וואַרשע אין פאַרשידענע צייטן

## דריי דורות אומגעבראַכט דורך היטלער׳ס באַנדיטן





באָבע מיימאַן, 65 יאָר אַלט, איר טאָכטער, מאַניע מיימאַן, 40 יאָר אַלט, און אַן אייניקל, 14 יאָר אַלט (אַ טעכטערל פ׳ן גאָסי־פּאַני אַווערבוך) זע בילד אונטן, רעכטס. זיי זיינען אַלע אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס אין די יאָרן 1941—1942.



גאָסי־פּאַני אַווערבוך (משה אַווערבוכ׳ס אַ שוועסטער) געשטאָרבן אין קאָפּיטשיניץ, אין 1931, אין עלטער פון 32 יאָר.



לעאָן מיימאַן, איר מאַן, אַן אַדוואָקאַט, געשטאָרבן אין קאָפּיטשיניץ אין 1928, אין עלטער פון 36 יאָר.

## זיי זיינען אומגעקומען על קידוש השם



ר׳ יחיאל לאַנצעטער, זיין פרוי, מרים, און זייער טאָכטער, טאָבע, זיינען אומגעבראַכט געוואָרן אין לעמבערג דורך די נאַצים אין 1941—1942 על קידוש השם. לואי לאַנצעטער פון ניו־יאָרק איז אַ זון פון ר׳ יחיאל און מרים לאַנצעטער, ע״ה.



מרדכי לאַנצעטער, אַ זון פון ר׳ יחיאל און מרים לאַנצעטער, געשטאָרבן אין הוסיאַטין אין 1912, אין עלטער פון 36 יאָר.

משה לאנצעטער, זון פון מרדכי לאַנצעטער, געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין 1955, אין עלטער פון 50 יאָר.

## דער גורל פון אַ הוסיאַטינער אידישער פאַמיליע אין סאָוועט רוסלאַנד



ר׳ בערל גאָלדמאַן (אין דער פאָדערשטער ריי, אינמיטן), וועלכער איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס, ימח שמם, אין כאַרקאָוו. רעכטס, זיינער אַ זון, אהרן גאָלדמאַן, וועלכער וואוינט אין כאַרקאָוו. לינקס, זיין פרוי, כייקע, געשטאָרבן אין סמאָטריטש. שטייענדיק לינקס, אַ טאָכטער, פרומע, וועלכע איז געשטאָרבן אין לעניג־גראַד. טשאַרנע, די דריטע טאָכטער, איז דערשאָסן געוואָרן מיט איר מאַן אין קיעוו. דער צווייטער זון, מוני (שטייענדיק, לינקס), איז אומגעקומען אין סמאָטריטש.



ר׳ אורצי (אהרן) בראַנדט, ע״ה, געטויט דורך אַ מיליטערישן אויטאָמאָביל אין ערשטער וועלט־מלחמה, אין 1917, צו 58 יאָר.



ר׳ שמיאל בראַנדט, מאַן פון דאָראַ בראַנדט, געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין 1944, אין עלטער פון 58 יאָר.



ר׳ זלמן בענדלער (ליזע ראָזענבערג׳ס מאַן), אומגעקומען אין אַ קאָנצענטראַציע לאַגער אין 1941, אין עלטער פון 40 יאָר.



ר׳ שמעון וואַסערמאַן, געשטאָרבן אין ניו יאָרק, אין 1929, צו 82 יאָר.



רייזע וואַסערמאַן, זיין פרוי, געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין 1933, אין עלטער פון 68 יאָר.



זייער זון, צאַליק, אומגעקומען אין הוסיאַטין בעת דער נאַצי אָקופּאַציע.



יהושע (שיקע), מאַן פון פעני וואַסערמאַן, געשטאָרבן אין ניו־יאָרק, 1940, צו 46 יאָר.



ראָזע ראָזענבערג ע״ה, געשטאָרבן אין עלטער פון 26 יאָר, אין פילאַדעלפיע, אין יאָר 1925.



1. משה און איידעל (לינקס) ראָזענבערג, געפינען זיך אין מאָסקווע. 2. ציפּי ראָזענבערג ע״ה, איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך פּעטליורעס רוצחים אין 1921 צו 17 יאָר. 3. אברהם ראָזענבערג (וועלכער איז אויפן בילד ניטאָ) איז אומגעקומען אין דער מלחמה מיט היטלער׳ן אין עלטער פון 22 יאָר.



ר׳ מאיר ב״ר חיים הירש ראָזענבערג ע״ה, געשטאָרבן אין לעמבערג אין 1919, צו 47 יאָר.



ווילי שניאור ע״ה (מאַן פון מרים פוקס), געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין 1954, אין עלטער פון 59 יאָר. איז געווען דער ערשטער סעקרעטאַר פון הוסיאַטינער פרענדשיפ סוירקל.



**ר׳ נח רעזניק (מאַן פון סימע פוקס)**

געשטאָרבן אין 1965, אין עלטער פון 58 יאָר. אַ געזעלשאַפטלעכער טוער און אַ איבערגעגעבענער און אומדערמידלעכער אַקטיוויסט פאַר׳ן אויפבוי פון ישראל. איז געווען סעקרעטאַר פון הוסיאַטינער פרענדשיפ סוירקל.



ר׳ לייביש ב״ר אליעזר חכם, געשטאָרבן אין מאָנטרעאַל, אין 1940, אין עלטער פון 75 יאָר.



טשאַרנע חכם, זיין פרוי, געשטאָרבן אין מאָנטרעאַל, אין 1963, צו 79 יאָר.



קלמן חכם, זייער זון, געשטאָרבן אין מאָסקווע אין 1941, אין עלטער פון 26 יאָר.

(ר׳ לייבוש און טשאַרנע חכם, ע״ה, די עלטערן פון עטי דיימאָנד, האָבן צוזאַמען מיט זייער גאַנצער פאַמיליע פיל בייגעטראָגן צו העלפן אין סמאָטריטש, וואו זיי האָבן געוואוינט, די הוסיאַטינער אידן אין דער צייט פון גירוש אין 1915).



**דוד ב״ר לייבוש חכם, ע״ה**

געשטאָרבן אין מאָסקווע, אין 1962, אין עלטער פון 72 יאָר. עטי דיימאָנד׳ס ברודער.

---

סאָסי בת דוד נירענבערג־חכם, ע״ה. געשטאָרבן אין סמאָטריטש, אין 1899, אין עלטער פון 29 יאָר. עטי דיימאָנד׳ס מוטער.

---



**משה ב״ר לייבוש חכם, ע״ה**

העברעאיש־אידישער שרייבער, אַ חובב ציון און אַ קעמפער פאַר מדינת ישראל. געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין 1963, אין עלטער פון 75 יאָר. עטי דיימאָנד׳ס ברודער.



ר׳ יצחק ב״ר זעליג גאַלאַנטער און זיין פרוי לאה, די עלטערן פון יאַנקל און פרומע גאַלאַנטער. ר׳ יצחק איז געשטאָרבן אין פילאַדעלפיע אין 1960, צו 83 יאָר. לאה גאַלאַנטער איז געשטאָרבן אין פילאַדעלפיע אין 1947, צו 70 יאָר.



ר׳ דוד שמואל וואקס און זיין פרוי רחל, די עלטערן פון דאָראַ בראַנדט. ר׳ דוד שמואל וואַקס ע״ה איז געשטאָרבן אין קאַמעניעץ פאָדאָלסק, אין 1940, אין עלטער פון 71 יאָר. רחל וואַקס ע״ה איז געפאַלן אַ קרבן פון היטלער׳ס רוצחים אין קאַמעניעץ פאָדאָלסק, אין 1941, אין עלטער פון 64 יאָר.



**לייבוש דיימאָנד און זיין פרוי זיסל דיימאָנד־לאַוונער**

לייבוש דיימאָנד, דער זון פון מאיר־הירש און אסתר דיימאָנד, איז געשטאָרבן אין סאַנטיאַגאָ, טשילי, אין 1948, אין עלטער פון 55 יאָר. אַ חובב ציון און אַ קענער פון דער העברעאישער שפּראַך און ליטעראַטור, איז ער געווען זייער אַקטיוו אין אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין סאַנטיאַגאָ, טשילי.



ר׳ מאָטי ב״ר ד׳ד מאָרגענשטערן (פּרוץ) ע״ה, געשטאָרבן אין פילאַדעלפיע, אין 1943, אין דער עלטער פון 80 יאָר. גאָלדע מאָרגענשטערן ע״ה, געשטאָרבן אין פילאַדעלפיע אין 1938 אין עלטער פון 71 יאָר. זיי זיינען געווען די עלטערן פון גיטל גרינבערג און פאָלאַ שוואַרצבערג.





בערטאַ קאָרען (וואַסערמאַן), געשטאָרבן אין ניו־יאָרק, אין 1967, אין עלטער פון 73 יאָר.
מר. קאָרען, געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין 1950, אין עלטער פון 62 יאָר.



שייווע (שבע) געינאַר (לינקס) געשטאָרבן אין הוסיאַטין אין 1943, אין עלטער פון 47 יאָר.
חיים געינאַר, געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין 1939, אין עלטער פון 70 יאָר.



רחל שעגרין ע״ה, געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין 1966 אין עלטער פון 69 יאָר.
איהר מאַן א. שעגרין ע״ה, געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין 1959 אין עלטער פון 74 יאָר.



זיידעלע וואַסערמאַן, געשטאָרבן אין ניו־יאָרק דעם 24טן יולי, 1943.
רבקה וואַסערמאַן, געשטאָרבן אין ניו־יאָרק, דעם 13טן מאַי 1943

ר׳ אהרון הירש (זיידעלע ב״ר חיים) ראָזענבערג, געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין 1960, אין עלטער פון 93 יאָר. שייוועָ (שבע) ראָזענבערג, זיין פרוי, געשטאָרבן אין 1963, אויך צו 93 יאָר. לינקס איז זייער טאָכטער, סאָניע, געשטאָרבן אין ניו־יאָרק, אין 1936, אין עלטער פון 29 יאָר. ליזע ראָזענבערגס עלטערן און שוועסטער.



ר׳ לייזער־פנחס עצקאָס, געשטאָרבן
אין ניו־יאָרק אין 1926 אין עלטער פון
37 יאָר. אסתר פוקס פאָטער.



נתן קאַטץ ע״ה, געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין 1920; זיין פרוי צאָרטעל ע״ה, געשטאָרבן אין
1958 אין ניו־יאָרק. זייער זוהן מעכעל קאַטץ מיט זיין פאַמיליע וואוינט אין ניו־יאָרק און איז
אַקטיוו אין דער ציוניסטישער באַוועגונג.

## די טאַמאָזשנע (צאָל הויז) אין הוסיאַטין און די קאָמיסיאָנערן



אַ בילד, וואָס איז גענומען געוואָרן פ״ן דער טאַמאָזשנע, אין הוסיאַטין, פּאָדאָליע, פאַר דער ערשטער וועלט מלחמה.



די זעקס קאָמיסיאָנערן (בראָוקערס) פון הוסיאַטינער צאָל־הויז. זיצנדיק, פון רעכטס צו לינקס: יוסף גינזבורג, באָבע יאָשפע, שמואל אַוערבוך. שטייענדיק: אַ קריסטליכער קאָמיסיאָנער (נאָמען אומבאַקאַנט), און לייב קאָרנבליט.

## אַ גרופּע תלמידים מיט זייער לערער אין דער הוסיאַטינער תלמוד תורה, אין 1910



ר׳ שמואל קיטאַיניק, דער לערער, ווערט געזען שטייענדיק מיט אַ ספר אין האַנט. זיצנדיק, פון רעכטס צו לינקס ווערן געזען די תלמידים: מילשטיין, גרשון גאָלדמאַן, זעליק קאַרג, לייבוש דיימאָנד און יאַנקל גאַלאַנטער. שטייענדיק, פון רעכטס צו לינקס: אברהם וואַסערמאַן, הערשל וואַקס, איצי זאַקס, נאָטע בערקאָוויטש און מיכל גאַלאַנטער.

## אַ גרופּע צעירי ציון אין הוסיאַטין, פּאָדאָליער גובערניע, אין יאָר 1912



זיצנדיק, פון רעכטס צו לינקס: פסחיה צווייבאַן, מיכל גאַלאַנטער און לייבוש דימאנד.
שטייענדיק, פון רעכטס צו לינקס: בקי דימאנד, יחיאל פוקס, הערשל וואַקס, וואָלף־לייב לאַנצעטער און מענדל קאַפּלאַן.

# זין פון הוסיאַטינער אידן אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי



קאַרל וואַסערמאַן, זון פון אברהם און קלאַראַ וואַסערמאַן, האָט געדינט אין אַמעריקאַנער אַרמיי אין צווייטער וועלט־מלחמה.



עמיל געינאַר, זון פון משה און פריידע חכם, האָט געדינט אין אַמעריקאַנער אַרמיי אין צווייטער וועלט מלחמה.



וועלוועל וואַסערמאַן, זון פון זיידעלע און רבקה וואַסערמאַן, האָט געדינט אין אַמעריקאַנער אַרמיי אין דער ערשטער וועלט־מלחמה.



אברהם וואַסערמאַן, וואוינט
מיט זיין פאַמיליע אין טינעק,
ניו־דזשוירזי, און איז אַ גע־
זעלשאַפטלעכער טוער



צילי (סימע) עצקאָס, אסתר פוקס מוטער,
וואוינט אין סיברייט, ניו־דזשוירזי.



פאָלאַ אַוערבוך־כהן,
וואוינט אין תל־אָביב,
ישראל.



שיינצע שערער, בתיה יעקב בער׳ס טאָכטער פון הוסיאַטין,
געפינט זיך אין ניו־יאָרק.



מר. און מרס. סעם קליין,
יצחק שניידערס טאָכטער
און איידעם, אין ניו־יאָרק.
מר. קליין איז דער פּרעז־
זידענט פון דער קוזמינער
פּאָדאָליער סאָסייעטי.

## הוסיאַטינער אידן אין אַמעריקע העלפן מדינת ישראל




דאָראַ בראַנדט, פרעזידענט, און נח רעזניק, סעקרעטאַר, גיבן איבער און ניו־יאָרק, אין 1961, אַ טשעק פון טויזנט דאָלער צו נחמיה גילמאָווסקי (אינמיטן), דירעקטאָר פון יונייטעד דזשואיש אַפּיל, פאַר אַ ישראל־פּראָיעקט.

**הוסיאַטין־פּאָדאָליער פרענדשיפּ סוירקל אין ניו יאָרק. באַאַמטע און מיטגלידער.**



ערשטע רייע, זיצנדיק פון רעכטס צו לינקס: פרידע גציינער, רעקאָרדינג סעקרעטאַר; דאָראַ בראַנדט, פּרעזידענט; יונה גודמאַן, וויס פּרעזידענט; מערי גודמאַן; מר. און מרס. נעיטען גאָלדמאַן. צווייטע רייע, שטייענדיק: באָריס גרינבערג, גיטעל גרינבערג, דאָראַ סיגעל, הערמאַן סיגעל (פון ישראל), יצחק ראָזענבערג, מערי שניאור, משה אַוערבוך, פּערל (פּעפּי) אַווערבוך, בקי דיימאָנד און עטי דיימאָנד. דריטע רייע, שטייענדיק: לואיס לאַנצעטער, אסתר לאַנצעטער, איזיק פוקס, העסי אַווערבוך־לאַנגער, בערל לאַנגער און סימע רעזניק, קאָ־טרעזשורער.

# HUSIATIN AND ITS JEWISH PEOPLE IN PICTURES

## PART FIVE

*The Synagogue, the Custom House, a Cheder.—The Grand Rabbi.—Leading Personalities.—Sons of Husiatin Families in the Armed Forces.—Local Jews, annihilated by the Nazis. — Husiatin landsleit in America and Israel.*

As is indicated in the articles by Morris Awerbuch and our President, Dora Brandt, I have been occupied with research and with compilation and preparation of our Memorial Book. This volume will, it is hoped, serve as a source of information, pertinent to Jewish life in the Ukraine, in bygone days generally, and in our beloved town, Husiatin, in particular.

My wife's parents, who had already settled in Montreal, Canada, provided us with a visa, and other necessities, so that we may join them. It was gravely perilous for one holding a responsible post to seek means of quitting the country. As it turned out, however, my records were excellent and we secured a passport to go to Canada. Our trip was in the nature of a visit to our parents, and, according to the law, if one made such a journey, it would be possible to return to Russia within one year.

I have noted the above because, at the time, emigration from Russia was closed. We went by train through the Latvian border, the only civilians to occupy the train.

Thus, fearstruck and aggravated, we quit our homeland, we were unable even to bid goodbye to my father, sister, her children and the entire family, a large part of which was still in Husiatin.

In February, 1930, we arrived in the New World—Montreal—in the midst of an economic crisis. Wall Street had gone bankrupt, wealthy folk in America and Canada had overnight become impoverished.

We found ourselves in such desperate straits that we even wrote a letter to Saratov, indicating we would shortly be there.

However, it is in man's nature to become adapted to various temporary hardships. Soon I secured employment and our adjustment slowly began.

In later years, I was employed by the Canadian Jewish Congress. Too, I occupied the post as Director of Alliance of Polish Jews in Canada. Subsequently, I was Campaign Director of a new Jewish hospital for incurables. Later, I was Director of the Committee for construction of a new Peretz School.

I had the honor of being elected, for a four-year term, as President of the Russian-Polish Society, composed at the time of 448 families.

Also, I was a member of the Board of Directors of Canadian Jewish Congress and Treasurer of the Jewish Labor Committee for Israel.

As the reader notes, I was active in communal endeavors. As such, I didn't manage to amass any kind of fortune.

In 1958, I settled in New York. Since then, I have been staff member of United Jewish Appeal.

Despite our having left Russia, in January, 1930, we had an opportunity to emigrate much earlier, for, at that time, a large number of Jews left the Ukraine, settling wherever possible, in all parts of the world. In our case, the situation was different. The main reason for our longer stay in Russia was the death of mother Esther. Father was left penniless, along with sister Sossie, of blessed memory, and her two small children. The old means of earning a livelihood were gone, with prospects dim of adjusting in a Bolshevik environment.

Brother Leibush, of blessed memory, left his hometown with his wife, in 1920, headed for Santiago, Chile, South America. For the above noted reasons, we decided to remain in the area not far from our town and try our luck in Russia.

After severe struggle, I landed a job, in 1923, with the Soviet government, and was a pioneer in renewal of export of eggs and other products from the Ukraine to Austria and Germany.

My first job location was Kamenetz-Podolsk, then Proskurov; and after that, Mogilov-Podolsk, Volochisk, Shepetovka, Vinitza, Kiev, Kupiansk, Charkov, Moscow, and finally Saratov (Central Russia).

Maybe self-praise is not a fitting practice. It should be noted, however, I miraculously climbed a number of notches on the ladder of success.

Despite the fact that I was not a Communist, I nonetheless managed to gain the confidence of various government institutions. I held a responsible position in Soviet trade with countries abroad, in the export of various farm products. (I should like to note that, pertinent to my ten-year employment with the Soviet regime, I am now engaged in writing a separate volume.)

The more I accomplished in my post with the Soviets, the greater the fear that gripped us, for it was the practice that if an adverse political or economic climate prevailed, one swiftly lost government favor, was exiled to Siberia, or to the remote cold Solovetky Islands, from which a large number such as I—individuals of renown—never returned.

In 1929, while I resided with my family in Saratov, we decided to quit Russia and find a means to legally emigrate therefrom.

decided that they would not eat tomatoes, but that, if their children wish to partake theerof, they may do so.

Grandfather Shoel passed away during World War I. Throughout the war, he remained in his hometown, never quit it. He passed away in Husiatin in 1916.

Grandmother Hudie found him dead on a Sabbath morning, head bent over the Talmud. Mother Esther died in 1921. Father and sister Sossie were murdered in Husiatin by the Nazis, along with other Jewish martyrs.

Sossie's two sons, the children of her deceased husband, Avigdor Sheinson (Dude Cohen's), were lost on the battlefield. They had been Red Army soldiers during World War II. My brother, Leibush, died in Santiago, Chile, in 1951.

Ettie's father, Leibush Chuchem, was born in Smotritch, Podolier Province, where he owned a large mill.

He and his family were among the first to set up the Relief Committee when we were exiled from Husiatin. For an extended period, they aided the Husiatiner landsleit who had settled in Smotrich, providing them with homes and other necessities. The entire family settled in Canada, in 1920. There, in 1940, Ettie's father died.

Leibush Chuchem was a devoted Chortkover chassid. Very frequently, he would visit the Chortkover Rebbe, who had a large Chassidic following.

Leibush was assured by the Chortkover Rebbe, of blessed memory, that, in his lifetime, none of his children would pass away. It turned out to be so.

The oldest son, Moishe Chuchem, of blessed memory, resided in New York. Regarded as one steeped in Hebrew and Yiddish literature, he published a few of his manuscripts. He was active in the Zionist Revisionist movement. He was Freide Mudrik's husband, and passed away in 1963. Moishe was a brother of my wife, Ettie. Her two other brothers, who remained in Moscow, are also deceased. Residing in Montreal are her three other brothers, a sister and their families.

In the year 1921, my wife, our son (then only two months old), and I, resided in Husiatin. As we have here indicated, however, the town was in a ruined state, and we decided to leave the hometown, never to return.

ish general and religious literature, particularly that of the Haskala (enlightenment) period—in the Hebrew, Yiddish, Russian, German and Polish literature. This, five decades ago, was indeed a vital attainment. We collected an abundant library from all parts of the world. However, this book collection was destroyed during exile, by the Czar, of the Husiatiner Jews; also, subsequently, during our wanderings from place to place.

Mother Esther, blessed be her memory, was daughter of Rabbi Mesholom Zusi Hirshorn, of Satanov, Podolier Province, known as a fine scholar; and author of the volume, "Shaylos Utheshuvos," published in Lwow, aproximately in 1890.

Mother's brother, Rabbi Sender Hirshorn, of Morovine-Krulawitz, near Mogilov-Podolsk. In later years he was Rabbi in Berdichev, where he, his daughter and family were annihilated during the Nazi slaughter of Ukrainian Jewry. Rabbi Sender was known as a religious communal leader, interpreter of Jewish laws and customs, and well versed in Talmud and Kabalah. His eldest son, Rabbi Joshua Halevi Hirshhorn, resides in Montreal, Canada, where, for a time, he served as spiritual leader of the Romanian Synagogue. Too, he was Chief Rabbi of the Montreal Orthodox Religious Rabbinate. He is the author and publisher of "Mimaynei Hayeshuah," a philosophical-theological volume, pertinent to the Talmudical sphere, which won approval of the world renowned Wilno Rabbi and scholar, Chaim Ozer Grodzensky.

My grandfather, Shoel Diamond, was one of the most prominent merchants in the hometown, well versed in the Torah. Ever gracing his table was an open volume. At all times steeped in thought, he was an admirable scholar.

I recall an incident. In my hometown, resided one of Bulgarian descent, who had planted and developed sale of tomatoes, a new product, at that time.

Shimon Friedman, of blessed memory, an esteemed and scholarly Husiatiner resident, a fine man but not a relative of the Rizhiner Rebbe's, was a constant visitor in grandfather's house. Evenings, they would discuss and research Jewish laws, never certain whether they observed all the laws which it is incumbent upon religious Jews to observe. One of the questions they had to wrestle with, pertained to whether tomatoes are Kosher, or God forbid "treif". After prolonged discussion, they

